חיים קאנטאָראָוויטש.

# די געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער באַוועגונג

אַרויסגעגעבען פון דעם
א. ס. א. פּ. פּוע"צ „ברענטש זעקס"
(פּאַרטיי־שול אָפּטיילונג)
ניו־יאָרק, 1920.

# פ אָ ר ר ע ד ע.

איינער פון די וויכטיגסטע שטרייט פונקטען אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אין אַ קלענערער מאָאָס אויך אין דער אייראָפּייאישער, איז דער געגענזייטיגער שיכות צווישען דער סאָציאַליסטישער און דער געווערקשאַפט־ליכער באַוועגונג. אויב אין אייראָפּע האָט די פראַגע פיל הייסע בלוט און נאָך הייסערע דיסקוסיעס ארויסגערופען, האָט זי אין אַמעריקע שוין מעהר ווי איין מאָל צושפּאָלטען דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג, און שטעהט שוין יאָהרען־לאַנג, ווי אַן איי־זערנע וואַנט, אויפ'ן וועג פון פאַראייניגונג צווישען די עקזיס־טירענדע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אין דעם קאַמף צווישען די עקזיסטירענדע פאַרטייען ווערען געוועהנליך אַנגעגעבען אויך אַנדערע אונטערשיידען, מאַנכע ווילען אפילו אָפּלייקענען אַז די שטעלונג צו די עקזיסטירענדע טרייד יוניאָנס און דער בליק אויף דעם אינדוסטריעלען קאַמף בכלל, איז די אורזאַכע פון דער צוטיילונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, עס איז אַבער גענוג זיך אפילו נאָר אויבערפלעכליך צו באַקענען מיט דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, כדי גאַנץ קלאָר איינזעהן, ניט נאָר אַז די טרייד יוניאָן פראַגע איז די הויפּט אורזאַך פון די פיל שפּאַלטונגען, נאָר אויך אַז עס וועט קיין איינהייטליכער באַוועגונג ניט זיין, אַזוי לאַנג ווי עס וועט ניט אויסגעאַרבייט ווערען קיין איינהייטליכע סאָ־ציאַליסטישע שטעלונג בנוגע דער טרייד יוניאָן באַוועגונג.

עס איז פונקט אַזוי ניט ריכטיג די מיינונג פון די וואָס זאָגען אַז די טרייד יוניאָן פראַגע באַשטעהט בלויז אין דעם ווי אַזוי זאָל דער אַרבייטער זיך אָרגאַניזירען כדי צו זיין אַמערס־

טענס ערפאָלגרייך אין זיין אַלטעגליכען קלאַסען־קאַמף. דאָס איז אַן און פאַר זיך, זעהר א וויכטיגע פראַגע, פאַר'ן סאָציאַליסט מיינט אָבער די טרייד יוניאָן פראַגע, נאָך עפּעס אַנדערש. פאַר'ן סאָציאַליסט שטעהט די פראַגע אַזוי: קען דער סאָציאַליזם פאַרווירקליכט ווערען אָהן ד ע ר א ק ט י װ ע ר הילף פון דער געווערקשאַפטליכער באַוועגונג אַדער ניט? דער ענטפער אויף אָט דער פראַגע באַשטימט מיט זיך דעם גאַנצען כאַראַקטער און טאַקטיק פון דער פּאַרטיי. נעמט מען אָן אַז דער סאָציאַ־ליזם קען פאַרווירקליכט ווערען אָהן ד ע ר א ק ט י װ ע ר הילף פון דער געווערקשאַפטליכער באַוועגונג, דאַן ווערט די סאָ־ציאַליסטישע ארבייט א ריין פּאָליטישע און אויפקלערונגס אר־בייט. מען קען באַדויערען וואָס די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, זיינען ניט אָרגאַניזירט אויפ'ן בעסטען אופן, מען קען באַדויע־רען וואָס זיי ווילען ניט פאַרשטעהן דעם סאָציאַליסטישען אמת, מען קען זיי דערפאַר קריטיקירען און אָנצייגען זייערע חסרונות, אָבער זיך צופיל זאָרגען וועגען דעם לוינט זיך ניט. מען דאַרף זעהן די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס אויסנוצען פאַר אונזער פּאָ־ליטישער טעטיגקייט און דאָס איז גענוג.

וואוהין אַזא טאַקטיק קען פאַרפיהרען איז א לעבעדיגער ביישפּיל די אמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אויף איהר וועג אויסצונוצען די עקאָנאָמישע ארגאַניזאַציעס, צו דערגריי־כען דעם סאָציאַליזם בלויז דורך איהר פּאָליטישער פּאַרלאַמענ־טאַרישער ארבייט, האָט זי זיך באמת פאַרוואַנדעלט אין א סאָציאַל־רעפאָרמערישער פּאַרטיי, וועלכע רופט זיך נאָך אַלץ — סאָציאַליסטישע. אַזוי ווייט האָט דאָס דער ס. פּ. פאַרפיהרט, אַז צענדליגער טויזענדער מיטגלידער איהרע, וועלכע האָבען איינגעזעהן אויף וואָס פאַר א פאַלשען און געפעהרליכען וועג זי געהט, האָבען ניט געזעהן פאַר זיך קיין שום וועג ווי אַזוי איהר אויסצובעסערען, און זיינען געצוואונגען געווען פון דער פּאַר־טיי ארויסגעהן.

נעמט מען אָבער פארקערט אָן אז אָהן דער אקטיווער מיט־הילף פון דער געווערקשאפטליכער באוועגונג, קען דער סאָציאליזם ניט פארווירקליכט ווערען, אז די פּאָליטיש־פארלאמענטארישע ארבייט, ווי ערפאָלגרייך זי זאָל ניט זיין, האָט קיין ווערט ניט, אויב זי ווערט ניט געשטיצט פון א קלאסען באוואוסטזיניגער עקאָנאָמישער ארגאניזאציע, דאן מוז די פארטיי אנשטאט זיך אָפּגעבען מיט „וואוט קעטשינג“, זיך בעסער אָפּגעבען מיט דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאליסטישער פּראָפּאָגאנדע, מיט דער שאפונג פון א קלאסען־באוואוסטזיניגער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באוועגונג. אָט די פארטיי מוז זיין רעוואָלוציאָנער און סאָציאליסטיש אויסגעהאלטען.

הגם אָט די געדאנקען ווערען אָפט אין אונזער אידישער באוועגונג ארויסגעזאָגט, און די טרייד יוניאָן פראגע בכלל ווערט אָפט צווישען די אידיש־אמעריקאנער סאָציאליסטען דיסקוטירט, איז נאָך ביז איצט ניט ערשינען קיין איין גרעסערע ארבייט וועלכע זאָל פּרובען היסטאָריש און קריטיש די פראגע באלייכטען. איך בין ווייט פון זאָגען אז מיין איצטיגער ביכעל טוט דאָס, איך וויל נאָר האָפען אז מיין ביכעל וועט זיין דער ערשטער, און וועט נאָכגעפאָלגט ווערען פון אַנדערע, פון דעם זעלבען שטאַנדפּונקט אזוי גוט ווי פון געגנערישען.

דער ביכעל, וועלכען איך לעג איצט פאָר פאר'ן לעזער האָט שוין הינטער זיך א גאַנצע געשיכטע. נאָך אין ווינטער 1918 האָט זיך דער צענטראלער געווערקשאפטליכער קאָמיטעט, פון די פּועלי ציון געווענדט צו מיר איך זאָל אנשרייבען, א קורצען ארייַנפיהר צו דער געשיכטע פון טרייד יוניאָניזם אין אמעריקע. דאָס האָט געדארפט זיין א בראָשור פון 32 זייטען. ווען איך האָב אָנגעהויבען די בראשור צו שרייבען איז מיר גלייך קלאָר געוואָרען אז אין 32 זייטען איז דאָס אוממעגליך צו מאכען, אז עס וועט זיך פאָדערען אמוועניגסטענס דריימאָל אזויפיל.

ווען די בראשור איז פארטיג געווארען האָט זי ווירקליך פאר־נומען ארום 90 זייטען.

פארטיג געווארען מיט דער ארבייט האָב איך דאָס איבער־געגעבען צום צ. ק. פון דער פ. צ. פארטיי, וועלכער האָט דאָס ביי זיך אָפּגעהאלטען ארום אכט חדשים און זיך אַלץ ניט געקענט אנטשליסען צו זאָל ער דאָס ארויסגעבען.

דערווייל האָט די פועלי ציון פארטיי שול, וועלכע דער ברענטש זעקס האלט אויף, מיר איינגעלאדען צו געבען א סעריע פאָרלעזונגען איבער דער געשיכטע פון דער אַמעריקאנער אר־בייטער באוועגונג. איך האָב אָנגענומען, און געלייענט פאר זיי אָט דעם ביכעל אלס לעקציעס, וועלכע זיי האָבען טאַקע גלייך באשלאָסען ארויסצוגעבען.

איך פיל אז דער ביכעל איז צו קליין און דער געגענשטאנד איז באהאנדעלט זעהר קורץ. עס וואָלט אודאי גוט געווען ווען איך קען איצט דעם ביכעל איבערשרייבען און פארגרעסערען, אָבער דאָס איז אוממעגליך, פאר דער לעצטער צייט זינט עס האָט זיך אין אונזער אייגענער פארטיי, פועלי ציון, אמשטאַרקסטען פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער פראקציאָנס קאַמף, זינט עס האָט זיך אָרגאַניזירט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פראקציע, פון וועל־כער איך בין אַן אקטיווער מיטגליד, קען איך אפילו ניט א טראַכט טאָן פון נעמען זיך צו אַן ארבייט וואָס דאַרף פארנעמען מאַנאטען. אפילו דער ביכעל ווי ער איז איצט וואָלט בשום אופן ניט געקענט דערזעהן די ליכטיגע וועלט, ווען ניט מיין חבר און קאָלעגא ב. אסטראָווסקי, וועלכער, הגם ער איז פיל מעהר ווי איך פארנומען אין דער ס. ד. פראקציע, האָט אָבער געפונען צייט דעם ביכעל צוגרייטען צום דרוק.

איך האָף אָבער, אז הגם דער ביכעל איז קליין, און די טעמע איז ניט באארבייט אזוי דעטאַל, ווי איך וואָלט דאָס וועלען,

וועט דאָס אָבער דאָך ברענגען נוצען אונזער באַוועגונג, און העלפען די אידישע ארבייטער זיך פאַגאַנדערקלייבען אין דער פאַרפלאָנטערטער, און אזוי פיל מיספארשטאַנענער טרייד יוניאָן פראַגע.

ניו־יאָרק, יאַנואר 1920.

## די געבורט פון דעם אמעריקאנער פראלעטאריאט.

### 1.

צווישען די פיל אורזאכען וואס האבען ארויסגערופען די אמעריקאנער רעוואלוציע האט אהן ספק געשפילט א גאר גרויסע, אויב ניט די גרעסטע ראלע, די עקאנאמישע. די קעמפענדע קאלאניסטען האבען ניט נאר פאר אבסטראקטע פרייהייט געקעמפט, ניט נאר דעמאקראטיע פארלאנגט, דאס זיינען געווען „ביי־זאכען", די הויפטזאך איז געווען אויסקעמפען א פ ר י י ע ן ו ו ע ג פ א ר ד ע ר א נ ט ו ו י ק ל ו נ ג פ ו ן א מ ע ר י ק א נ ע ם ק א פ י ט א ל י ז ם.

אלע באדייטענדע היסטאריקער גיבען יעצט צו, אז וואלט ענגלאנד געווען האנדלען אביסעל מעהר פארזיכטיג, אין מאכען וועלכע עס איז הנחות צו דעם יונגען אמעריקאנער קאפיטאליזם, וואלטען די פאראייניגטע שטאטען נאך היינט געווען ענגלישע קאלאניעס, אפילו אין סאמע ברען פון קריג זיינען עס געווען אייניצעלנע, וואס האבען פון א פאלשטענדיגער אומאפהענגיקייט געטרוימט, די איבריגע אבער, די גרויסע מערהייט, האבען וועגען דעם אפילו ניט גע'חלומ'ט, זיי האבען געפאדערט רעפארמען, געוויסע הנחות און ניט מעהר. עס איז נאר א דאנק דער בלינדער עקשנות פון דער ענגלישער רעגירונג, בעסער געזאגט, פון די הערשענדע קלאסען פון ענגלאנד, וואס מיר האבען איצט א פריי און זעלבסשטענדיג לאנד, די פאראייניגטע שטאטען.

די הערשענדע קלאסען פון ענגלאנד האבען קיינמאל ניט באטראכט די אמעריקאנער קאלאָניעס אלס א גלייכבארעכטיגטען טייל פון זייער לאנד. די קאלאָניעס זיינען פאר זיי געווען א „מארקעט" און ניט מעהר; דאס האט פאר זיי געדארפט זיין א פלאץ וואו צו קריגען אם ביליגסטען רויהע מאטעריאלען פאר די ענגלישע פאבריקען, און אם טייערסטען פארקויפען די פאר־טיגע פראָדוקטען פון די זעלבע פאבריקען. „וואס מעהר פראָ־פיטען." דאס איז געווען דער גרונד־פרינציפּ פון דער דאָ־מאלסטדיגער ענגלישער קאלאָניאל־פּאָליטיק.

כדי דאס אויסצופיהרען, זיינען נויטיג געווען, ערשטענס: פארשטעלען דעם וועג פאר די קאנקורענטען פון אנדערע לענ־דער, און צווייטענס: ניט דערלאזען אז אין די קאלאָניעס זאל זיך אנטוויקלען א זעלבסטשטענדיגע אינדוסטריע.

אין דער גאנצער געזעצגעבונג פון ענגלאנד, בנוגע די קאָ־לאָניעס זעהט מען דייטליך אז זי האט איין הויפּט צוועק אין זינען: פארהיטען די פּראָפיטען פון די ענגלישע קאפּיטאליס־טען. זעהן אז די קאלאָניעס זאלען קיינמאל ניט ווערען עפּעס מעהר ווי „א מארקעט". נאך אזוי פריה ווי 1651 פיהרט דער פּארלאמענט דורך דעם „נאַוויגאַציאָנס־געזעץ" (א געזעץ וועגען פיהרען שיפען פון, און אין די קאלאָניעס) דיזער געזעץ האט פארווערט דעם אריינפיהר פון די מערסטע סחורות אין די קאלאָניעס פון אנדערע לענדער אויסער ענגלאנד. דער נאַ־וויגאַציאָנס־געזעץ איז נאך דער אנפאנג, שפּעטער ווערען פיל אנדערע געזעצען דורכגעפיהרט אלע מיט'ן צוועק צו צווינגען די קאלאָניסטען צו קויפען און פארקויפען נאר צו ענגלישע סוחרים. אזוי למשל, זיינען דורכגעפיהרט געווארען געזעצען, אז קיין סחורה טאר ניט געשיקט ווערען פון די קאלאָניעס אין קיין אנדער לאנד אויסער ענגלאנד; עס איז פארבאטען גע־ווארען דאס בויען פון אייזען פאבריקען, קירזשנער איז פאר־

ווערט געווען צו באשעפטיגען מעהר ווי צוויי ארבייטער. געוויסע פראדוקטען ווי וואל און היט, וואס ווערען פראדוצירט אין איין קאלאניע, האבען ניט געקאנט פארקויפט ווערען אין א צווייטער א. ז. וו. ביז דעם יאהר 1763 האט ענגלאנד דורכגעפיהרט ניט וועניגער ווי 29 אזעלכע געזעצען.

אבער קינסטליך פארהאלטען די נאטירליכע עוואלוציע פון דער אינדוסטריע און האנדעל איז ניט מעגליך. וואס די קאלא־ניסטען האבען ניט געטארט טאן עפענטליך, האבען זיי געטאן „בגנבה", מ'האט געבראכען דעם געזעץ. שמוגלעריי האט זיך אנטוויקעלט און איז אפילו געווארען א בכבוד'יגע פרנסה. פיל פון די פאטערס פון דער אמעריקאנער רעפובליק זיינען געווען שמוג־לערס, עס פארשטעהט זיך, דאס פיל פלעגען ארעסטירט ווערען און שטרענג באשטראפט ווערען, און א דאנק דעם איז די אומ־צופרידענהייט אלץ מעהר און מעהר געוואקסען ביז אין 1776 האט אויסגעבראכען אן אפענער אויפשטאנד.

די הערשענדע קלאסען פון די אמעריקאנער קאלאניעס זיינען ארויס אין קאמף קעגען די הערשענדע קלאסען פון ענג־לאנד כדי אויסצוקעמפען א פרייען וועג פאר דער אנטוויקלונג פון אמעריקאנעם קאפיטאליזם, די קאפיטאליסטען, די קאלא־ניסטען פון די דרום־שטאטען (סיוטהערען סטייטס) האבען גע־האט נאך א באזונדערע אויסרעכענונג, די מערסטע פון זיי זיי־נען געווען שווער פארשולדיגט צו פארשיידענע ענגלישע סוחרים, און זיי האבען דעריבער געהאפט, אז א דאנק דער רעוואלוציע וועלען זיי פטור ווערען פון זייערע חובות. — ווענדעל פיליפס זאגט אין איינער פון זיינע גלענצענדע רעדעס: „אונזער רעוואּ־לוציע פון 1776 איז געווען ערפאלגרייך, ווייל מסחר און רייכ־טום האבען זיך פאראייניגט מיט פרינציפען און ענטוזיאזם... די סוחרים פון דער נארט (צפון) זיינען געווען אויפגעבראכט קע־גען ענגלאנד, פאר ניט ערלויבען זיי א דירעקטען האנדעל מיט

האָלאנד און מיט די וועסט אינדישע אינזלען, די פּלאַנטאַטאָרען פון ווירדזשיניאַ פון דער צווייטער זייט זיינען געווען אָנגע־לאָדען מיט חובות, און זיינען דערפאַר צופרידען געווען מיט יע־דער זאַך וואָס האָט די אָפּצאָהלונגען פון די חובות אָפּגעהאַל־טען... אזוי האָבען זיך הערצליך פאַראייניגט סוחר און פּלאַנ־טאַטאָר, צו קעמפען פאַר אומאָפּהענגיגקייט. פאַר'ן סוחר האָט אומאָפּהענגיגקייט, געמיינט: דירעקטער האַנדעל — פאַר'ן פּלאַנטאַטאָר — אָפּנאַרען זיינע קרעדיטאָרען"*).

## 2.

פאַר דער רעוואָלוציע זיינען אין די קאָלאָניעס קיין פרייע לוין־ארבייטער כמעט, ניט געווען, די גאַנצע ארבייט איז געטאָן געוואָרען פון שוואַרצע, אָדער פון ווייסע שקלאַפען, די אזוי גע־רופענע „אינדענטור סערוואַנטס", ד. ה. אזעלכע וואָס פלעגען פון פאַרשיידענע קאָמפּאַניעס פאַרנאַרט ווערען פון די איירא־פייאישע לענדער, אין די אמעריקאַנער קאָלאָניעס און פלעגען דאָ פאַרקויפט ווערען אין צייטווייליגער שקלאַפעריי, ביז זייערע חובות זיינען אָפּגעצאָהלט געוואָרען. די ווענינע פרייע מענשען וואָס האָבען זיך מיט האַנטווערקעריי פאַרנומען זיינען ניט גע־ווען קיין לוין־ארבייטער נאָר קליינע באַלעבאַטים פאַר זיך, די אינדוסטריע צו יענער צייט איז נאָך געווען אזוי פּרימיטיוו און אומאַנטוויקעלט, די פּראָדוקציאָנס אָרט אזוי איינפאַך, אז יעדער איינער האָט זיך לייכט געקענט איינשאַפען די נויטיגע ווערקצייג און ארבייטען פאַר זיך; ארבייטען ביי אַ צווייטען האָט קיינער ניט באַדאַרפט, סיידען פאַר אַ באַשטימטע צייט כדי זיך אויס־לערנען די מלאכה.

*) W. Phillips: Speeches and Lectures, Vol. I, p. 373.

אויסער דעם איז די באפעלקערונג דעמאלט געווען זעהר קליין און פריי לאנד איבערגענוג, אזוי, אז ווען איינער האט ניט געקענט אדער ניט געוואלט אליין ווערען א באלעבאס, האט ער צו יעדער צייט געקענט ווערען א פארמער.

די לאנגע איז אבער אומגעביטען געווארען נאך דער רע־וואלוציע, ווי שוין געזאגט, איז דער הויפט־ציל פון דער רעוואָ־לוציע געווען צו מאכען פריי דעם וועג פאר דער אנטוויקלונג פון אמעריקאנעם קאפיטאליזם, און דיזער צוועק איז ווירקליך דערגרייכט געווארען, די קאלאניעס זיינען יעצט געווארען פריי און אומאפהענגיג, צו קאנען טאן ווי און וואס זיי ווילען, קיינער שטעהט זיי מעהר ניט אין וועג, א דאנק דעם האט זיך דער אמעריקאנער קאפיטאליזם אנגעפאנגען זעהר שנעל אנטוויקלען: איבער נאכט זיינען אנטשטאנען גרויסע פאבריקען, ווי דורך א כשוף זיינען שנעל אויסגעוואקסען נייע גרויסע שטעט. די ער־פינדונגען האבען זיך געמעהרט פון טאג צו טאג, וואס האבען אלץ בעסער און פאלקאמענער געמאכט די פאבריק־סיסטעם, און וואס שנעלער עס מעהרען זיך די גרויסע פאבריקען, וואס פאל־קאמענער עס ווערען די מאשינען, אלץ שנעלער פארשווינדעט דער קליינער האנטווערקער. און וואקסט א נייער קלאס אין דער געזעלשאפט. א קלאס וואס איז אינגאנצען אפהענגיג פון א צווייי־טען, א קלאס וועלכער מוז שוין אויף שטענדיג פארבלייבען א לויז־ארבייטער.

זעהר פאטעטיש שילדערט אט די צייט דער געוועזענער פיהרער פון די „נייטס אוו לייבאר,“ ט. וו. פאודערלי: „מיט דעם איינפיהרען פון מאשין־פראדוקציע זיינען גרויסע פאב־ריקען אנשטאנען אין אלע שטעט און שטעטליך, ארטיקלען וואס פלעגען פריהער מיט די הענט געמאכט ווערען, זיינען איצט אין א גרויסער מאס דורך מאשינען באשאפען געווארען. די פרייזען זיינען געפאלען, און די וואס האבען נאך אלץ מיט זיי־

ערע אייגענע הענט געארבייט, האבען זיך פלוצלונג געפונען איז א קאנקורענץ מיט עטוואס אזוינס וואס קאן אויסשטעהן הונגער און קעלט ניט ליידענדיג א האר. דעם דארפשמיד'ס „קוזניע" איז אויפגעגעבען געווארען דער „שוך שאפ" ביים וועג איז פאר־לאזען געווארען, דער שניידער האט זיין טיש פארלאזט, און אלע צוזאמען האבען זייערע רוהיגע דארפס־הײמען אוועקגע־ווארפען און זיך געלאזען אין דער גרויסער שטאט, וואו די גרוי־סע פאבריקען זיינען געווען. די טויערען האבען זיך פאר זיי אויפגעשלאסען ווען זיי זיינען אין דער פריה צו דער ארבייט גע־קומען, און ווען זייער טאג ארבייט איז געווען פאראיבער האבען זיי זיך, הינטער זיי, צוריק פארשלאסען."

„שווייגענדע און פארטראכטע זיינען דיזע מענשען אהיים געגאנגען, זיי האבען שוין מעהר ניט געטראגען די שליסלען פון זייערע „שעפער" אין די קעשענעס... צוזאמענגעווארפען אויף דעם אופן אין די גרויסע בינשטאקען פון דער אינדוסטריע זיי־נען די מענשען באקאנט געווארען איינער מיט'ן אנדערען און גאנץ אפט צווישען זיך דיסקוטירט די ליידען און רעכט פון די ארבייטער"*).

און „דיסקוטירען" האבען זיי געהאט וואס. דער מצב פון די ארבייטער איז געווען א שרעקליכער, פאליטיש האבען זיי קיין פרייהייט ניט געהאט, אין פיל שטאטען, שוין אפילו נאך דער רעוואלוציע, האבען שטימרעכט געהאט נאר די, וואס הא־בען געקאנט צייגען א געוויסען גרויסען איינקונפט, אדער בא־זיצער פון אומבאוועגליכען אייגענטום, א דאנק דעם זיינען די ארבייטער, וועלכע האבען ביידע זאכען ניט געהאט, געווען אינ־גאנצען אויסגעשלאסען פון פאליטישען לעבען, עקאנאמיש איז זייער לאגע ניט בעסער געווען. „אין יעדער גרויסער שטאט" זאגט פאודערלי „זיינען מאסען ארבייטסלאזע ארומגעגאנגען. די

*) T. W. Pouderly: Thirty Years of Labor, p. 26.

האט ניט מיט וואס צו קויפען."

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז אזעלכע אומשטענדען האבען געמוזט אנפילען די הערצער פון די ארבייטער מיט ביטערניש, און דיזע ביטערניש האט זיך אפט אויסגעדריקט אין דער פארמע פון סטרייקס, וועלכע זיינען געווען מעהר עהנליך צו שפייכלערס זיינען איבערפילט, אלעס איז ביליג, קיינער אבער ספאנטאנע אויפשטאנדען ווי צו א מאדערנעם סטרייק. אזעלכע אומארגאניזירטע, אדער אין בעסטען פאל זעהר שוואך ארגאניזירטע סטרייקס זיינען אין יענער צייט געווארען א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג.

די ערשטע גוט־ארגאניזירטע יוניאן פון וועלכער מיר ווייסען איז די יוניאן פון שיך־ארבייטער אין פילאדעלפיע, וועלכע איז ארגאניזירט געווארען אין 1792. די ארגאניזאציע האט געלעבט קוים איין יאהר, און מיר ווייסען אפילו איהר נאמען ניט. אבער דיזעלבע ארבייטער ארגאניזירען זיך אין א פאר יאהר שפעטער נאך אמאל. אין 1794 ארגאניזירען זיי א יוניאן מיט'ן נאמען „פעדעראל דזשורנימען קארדוויינערס". אט די ארגאניזאציע האט עקזיסטירט א לענגערע צייט. אין 1799 האבען זיי אנגעפיהרט א שווערען און פארביטערטען קאמף קעגען זייערע באלעבאטים, וועלכער האט אנגעהאלטען ניין אדער צעהן וואכען. אין 1806 ווערען זיי אנגעקלאגט אין קאנספיראציע און דאס מאכט אן ענד צו זייער עקזיסטענץ.

נאך די שוך־ארבייטער קומען די דרוקערס פון ניו־יארק. אין 1794 ארגאניזירען זיי די „טייפאגראפיקאל סאסייטי", וועלכע האט עקזיסטירט צוויי און א האלב יאהר. אין 1799 ארגאניזירען זיי זיך צום צווייטען מאל אין דער „פרענקלין טיפאגראפיקאל אסאסיאיישאן", וועלכע האט וואהרשיינליך עקזיסטירט ביז 1804. אין 1809 ארגאניזירען זיי זיך צום דריטען

מאָל אין אַ יוניאָן מיט'ן נאָמען „ניו־יאָרק טייפּאָגראַפיקאַל סאָ־סייטי", וועלכע האָט עקזיסטירט ביז 1818.

אין דער צייט האָבען זיך אויך אָרגאַניזירט די סטאָליאַ־רעס פון פילאַדעלפיע, וועלכע האָבען אין מאַי 1791 אָנגעפיהרט צום ערשטען מאָל אַ סטרייק פאַר אַ צעהן־שטונדעדיגען אַר־בייטס־טאָג.

אין די יאָהרען צווישען 1800 און 1805 זיינען זעהר פיל יוניאָנס אָרגאַניזירט געוואָרען. פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציעס זיי־נען אַנטשטאַנען אין פילאַדעלפיע, ניו־יאָרק, באַלטימאָר, באָסטאָן, פּיטסבורג און אַנדערע שטעט. איבערהויפּט זיינען דע־מאָלט אָרגאַניזירט געוואָרען די שוסטער, שניידער, דרוקער און אַנדערע.

עס איז באַקאַנט, אַז די באַלטימאָרער שניידער האָבען דורך סטרייקס געהעכערט זייערע שכירות אין 1795—1805 און 1807. אבער וועגען זייער אָרגאַניזאַציע האָבען מיר כמעט קיין שום ידיעות ניט.

בכלל קען מען זאָגען, אַז די צייט ביז 1825 איז געווען דער ערשטער אָנפאַנג פון טרייד־יוניאָניזם. פיל האָבען, אָט די יו־ניאָנס ניט אויפגעטאָן און ניט געקאָנט אויפטאָן. זיי זיינען אָבער געווען די אָנזאָגער פון אַ נייער עפּאָכע אין דעם אינדוס־טריעלען לעבען פון אַמעריקע, די ערשטע סמנים פון דעם ער־וואַכטען קלאַסען־אינסטינקט פון די אַמעריקאַנער אַרבייטער.

## 3.

די אַלע ערשטע יוניאָנס זיינען באַשטאַנען פון בלויז גע־לערענטע אַרבייטער. די לערנערס און די פּשוט'ע אַרבייטער האָבען דאָרט קיין פּלאַץ ניט געפונען. פאַרקערט, איינע פון די

שווערסטע פּראָבלעמען פאַר אַט די יוניאָנס איז געווען ווי אַזוי ערפאָלגרייך זיך צו פאַרהיטען פון דער קאָנקורענץ, פון די ניט־געלערנטע, אָדער ווייניג געלערנטע אַרבייטער. גאַנץ אָפט פלעגען זיך יוניאָנס באַקלאָגען, אַז די ניט־געלערנטע אַרבייטער קומען אַריין אין טרייד און אַרבייטען פאַר ביליגער, דורך דעם אַרויסשטויסענדיג די בעסערע אַרבייטער. איינע פון די פאָדערונגען פון די ערשטע יוניאָנס איז געווען, אַז עס זאָל איינגעפיהרט ווערען אַ מינימום לוין, אונטער וועלכען קיין אַרבייטער זאָל ניט טאָרען אַרבייטען, און אַז יעדער איינער וואָס וויל זיין אַן אַרבייטער, מוז אַ באַשטימטע צייט אַרבייטען אַלס לערנער. די צייט פאַר לערנען זיך, פלעגט אָפט זיין אַ גאַנץ לאַנגע, פון דריי ביז זעקס יאָהר. די פיהרער פון די יוניאָנס האָבען אָבער געגלויבט, און אַזוי איז עס טאַקי באמת געווען, אַז וואָס לענגער איינעם וועט נעמען זיך אויסלערנען אַ מלאכה, אַלץ מעהר וועט ער ניט וועלען אַרבייטען פאַר ביליג.

צווישען זיך זיינען די פאַרשיידענע יוניאָנס ניט געווען פאַרבונדען. מיר ווייסען, אַז פון צייט צו צייט פלעגען זיך מאַנכע יוניאָנס צווישען זיך דורכשרייבען, לאָזען וויסען איינע די צווייטע וועגען סטרייקס, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען, אָדער וואָרענען געגען סטרייק־ברעכער, וואָס פלעגען פון די יוניאָנס זעהר שטאַרק פאַרפאָלגט ווערען, אָבער קיין שום פּערמאַנענטע פאַרבינדונג איז צווישען זיי ניט געווען. די יוניאָן איז געווען אַ ריינע געשעפטס־אַנגעלעגענהייט, וועלכע האָט געהאַט צו טאָן בלויז מיט דער באַשטימטער צאָהל אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט אין טרייד. אַזוי צ.ב.ש. דערקלערט איין ניו־יאָרקער יוניאָן אין איהר פּריאַמבעל, אַז איהר צוועק איז בלויז „צו פאַרהיטען די אַרבייטער קעגען אינטריגעס און קוניץ־שטיק, וואָס קאָנען צו יעדער צייט באַנוצט ווערען פון אונזערע אַרבייטס־געבער, כּדי צו רעדוצירען אונזערע שכירות“. און אַ צווייטע יוניאָן, די דרוקער

פון פילאַדעלפיע, דערקלערען, אז זייער ציל איז בלויז איינפיה־רען אן איינהייטליכען פרייז... „טוענדיג דאָס" דערקלערען זיי „ווילען מיר האנדלען ווי מענשען מיט מענשען... קיין ארבייטער וועט ניט פארלאָזען זיין פּלאַץ איידער ער וועט מודיע זיין פריי־הער זיין ארבייטס־געבער... מיר דערווארטען דערפאר, אז אייער אויפפיהרונג בנוגע אונז זאל זיין פונקט אזוי פריינדליך"...

די יוניאָן אלס א גאנצע פלעגט מיט די ארבייטס־געבער ניט פארהאנדלען קיינע פראַגען. דאָס איז געבליבען פאר יעדען ארבייטער באזונדער. די ארבייטער פלעגען צווישען זיך באַ־שליסען „ניט צו ארבייטען ביז מיר קריגען א באשטימטען פרייז", און יעדער איינער האָט שוין געוואוסט, אז ווען ער באַ־דינגט זיך מיט זיין באלעבאָס, מוז ער דעם באשטימטען פרייז קריגען. די געמיינשאפטליכע אונטערהאנדלונגען צווישען פאר־שטעהער פון דער יוניאָן און פון די באלעבאָטים, דאָס וואָס מיר רופען היינט „קאָלעקטיוו בארגעינינג", איז ערשט שפּעטער גע־קומען.

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז די ערשטע יוניאָנס האָ־בען געוואָלט שטעהן אין פריינדליכע באציהונגען מיט זייערע באלעבאָטים, דאָס איז קענטיג פון אלע זייערע דערקלערונגען. אבער די באלעבאָטים האָבען אין די יוניאָנס גלייך דערזעהן א געפאָר פאר זיך. די יוניאָנס הויבען אָן ביטער באקעמפט צו ווערען, געגען די מערסטע ווערט אָנגעהויבען קרימינעלע פּראָ־צעסען, זיי ווערען באשולדיגט אין מאכען אַ קאָנספּיראציע „צו העכערען זייערע שכירות, און שעדיגען אנדערע". עס איז כמעט איבריג צו זאָגען, אז דער געזעץ איז געווען אימער אויף דער זייט פון די באלעבאָטים. איינע פון די איינפלוסרייכסטע צייַ־טונגען פון יענער צייט, רעדענדיג וועגען דעם „טרייעל" פון די פילאַדעלפיער שוך־ארבייטער זאָגט:*) „קיין מאל האָבען מיר ניט

*) Commons, pp. 109-152.

געהערט, אז אַן אנקלאגע זאָל צו א „דזשורי“ איבערגעגעבען ווערען מיט אזוי פיל פאראורטייל און פּארטייאישקייט, — זאָל אונז דער גוטער גאָט אויסהיטען פון אזויגע „קאורטס“, „רע־קאָרדערס“ און „דזשורים“.

## דער אָנפאנג פון טרייד־יוניאָניזם.

### 1.

די אמת'ע געשיכטע פון דעם אמעריקאנעם טרייד־יוניאָניזם פאנגט זיך ערשט אָן אין דעם יאהר 1825. אין דעם יאהר ווערען צום ערשטען מאָל פארמירט גוט־ארגאניזירטע יוניאָנס. הויפּטזעכליך אין די דרום־געגענדען פון לאנד. אין דעם זעלבען יאָהר פאנגט אויך אָן ערשיינען אין ניו־יאָרק די ערשטע אר־בייטער צייטונג אין אמעריקע „די ווארקמענס אדוואקאט" און שפּעטער הויבען אָן ערשיינען די „דיילי סענטינעל" און „יאנג אמעריקא", ארויסגעגעבען פון די ברידער דזשארדזש הענרי און פרידריך עבענס, וועלכע האבען פאר פיל יאהרען געשפּילט א גרויסע ראָלע אין דער יונגער אַמעריקאַנער ארבייטער־באווע־גונג. דיזע צייטונגען זיינען פאר זייער צייט געווען זעהר רא־דיקאל. זיי האבען אגיטירט פאר, און געפאדערט, דאָס רעכט פון מענשען אויף דאָס לאנד, די אויפלעזונג פון מאָנאָפּאָליען; די אפּשאפונג פון געזעצע, לויט וועלכען מ'האט ארעסטירט פאר ניט באצאהלען א חוב, פון וועלכען די אָרימע באפעלקערונג פלעגט שרעקליך ליידען; גלייכע רעכט פאר מענער און פרויען; די אפּשאפונג פון ק ע ר פּ ע ר ל י כ ע ר און ל ו י ז־ ש ק ל א פ ע ר י י, און פיל אנדערע העכסט ראדיקאלע און סאָציאליסטישע פאדערונגען, וועלכע מ'געפינט נאך אויך יעצט אין דער פּלאטפארם פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי.

בכלל האט זיך יענע צייט אויסגעצייכענט, לויט די ווער־

טער פון דעם באקאנטען עקאנאמיסט, ריטשארד אילײ דער־מיט וואס „א נײער גײסט און נײע אויפגאבען האבען אויפגע־לעבט אין דעם ארבײטער־קלאס. זײ זײנען געווארען מעהר באַ־וואוסטזיניג וועגען זײער עקזיסטענץ אלס באזונדערער טײל פון דער געזעלשאפט, וועלכער האט באזונדערע אינטערעסען, וואס זײנען ניט אידענטיש מיט די אינטערעסען פון די אנדערע סאַ־ציאלע קלאסען*).

אויף ווי ווײט אַט די ערשטע טרײד־יוניאָנס זײנען געווען דורכגעדרונגען מיט א סאַציאליסטישען גײסט קאַן מען זעהן פון זײער דאמאלסטדיגער ליטעראטור. פראָפעסאָר אילײ ברענגט אן אויסצוג פון א רעדע וואס א דאמאלסטדיגער ארבײטער־פיהרער האט געהאלטען, (געדרוקט אין פילאדעלפיע אין 1831), אין וועלכע עס ווערט געזאגט, אז „די אלטע פאליטישע פארטײען גיבען זײ (די ארבײטער) קײן האפנונג ניט פאר צופרידענשטע־לענדע רעפאָרמען" און ער פאָדערט דארום פון די ארבײטער „צו שטיצען די ארבײטער־פארטײ, וואס וועט געהן פארווערטס אין דעם וועג פון וויסענשאפט און גערעכטיגקײט אונטער דער פאהן פון ארבײט, דער קוואל פון רײכטום און דער ריכטער פון זײער צוטײלונג."

די יוניאָנס פון יענער צײט האבען זיך ניט באנוגענט נאָר מיט'ן עקאנאמישען קאמף אלײן. כמעט אלע האבען, אויב ניט דירעקט זיך באטײליגט, אמווײניגסטען פרינציפיעל אנער־קענט די נויטווענדיגקײט פון פאליטישען קאמף. אזוי צ. ב. ש. האבען די טרײד יוניאָנס פון ניו־יארק געשפילט א באַ־דײטענדע ראלע אין דער ארגאניזירונג פון דער „ארבײטער פארטײ" אין 1829, וועמעס קאנדידאטען עס האבען געצויגען א גאנץ גרויסע צאהל שטימען, אזעלכע פאליטישע ארבײטער־

*) Richard T. Ely: The Labor Movement, p. 38.

פּאַרטייען זיינען געגרינדעט געוואָרען אויך אין די „ניו ענגלאַנד סטייטס“, פילאַדעלפיע און אַנדערע שטעט*).

ביז 1825 איז יעדער יוניאָן געווען אַ וועלט פאַר זיך. זיי האָבען זיך איינס מיט'ן צווייטען ניט אינטערעסירט. דער געדאַנק פון דער איינהייט פון אינטערעסען פון א ל ע א ר ב י י ט ע ר איז זיי נאָך געווען פרעמד. מיט דער צייט הויבט זיך אָן אַלס דייטליכער אנטוויקלען דער אינסטינקט פון קלאַסען־איינינגקייט און שאַפט אַ טענדענץ פאַר אַן איינהייטליכער אַקציע. פאַרשיידענע יוניאָנס האָבען אָנגעפאַנגען באַוועגונגען צו פאַראייניגען זיך אין צענטראַלע קערפּערשאַפטען. שטימען האָבען זיך אָנגעפאַנגען הערען צום גונסטען פון אָרגאַניזירען אַ נאַציאָנאַלען טרייד יוניאָן פאַרבאַנד.

אויסער דעם האָבען די טרייד־יוניאָנס פון יענער צייט בכלל באַקומען אַ נייעם פּנים. די פריהערדיגע יוניאָנס פלעגען באַשטעהן אויסשליסליך פון געלערנטע האַנט־אַרבייטער. איצט אָבער ווערען שוין אויך אָרגאַניזירט פאַבריק־אַרבייטער, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אויך פרויען. דער ערשטער סטרייק, אין וועלכען פרויען־אַרבייטער האָבען זיך באַטייליגט, איז פאָרגעקומען אין 1824 אין פּאַטאַוקעט, ר. י. די וועבער. מענער און פרויען זיינען אַרויס אין סטרייק כדי ניט דערלאָזען צו אַ פאַרקלענערונג פון זייערע שכירות.

די פיל סטרייקס, וואָס זיינען דעמאָלט אין פאַרשיידענע שטעט פאָרגעקומען, זיינען מעהרסטענס געווען פאַר אַ העכערונג אין שכירות, און קורצערע אַרבייטס־שטונדען. ביז דאַן פלעגט דער געוועהנליכער אַרבייטס־טאָג זיין „פון זונען־אויפגאַנג ביז זונען־אונטערגאַנג“. קעגען דעם האָבען די אַרבייטער אַפילו אין דער פריהעריגער צייט, העפטיג פּראָטעסטירט. נאָך אין

*) George E. McNeil: The Labor Movement, p. 75.

1822 האבען די מאשין־ארבייטער פון פילאדעלפיע אנגענומען א רעזאלוציע פאר א צעהן־שטונדיגען ארבייטס־טאג. אבער ווייטער פון א רעזאלוציע זיינען זיי ניט געגאנגען. ערשט אין 1825 קומט פאר דער ערשטער וויכטיגער סטרייק פאר א צעהן־שטונדעדיגען ארבייטס־טאג: דאס איז געווען דער סטרייק פון די באסטאנער סטאליארעס, אין וועלכען ס'האבען זיך באטייליגט איבער פינף הונדערט ארבייטער. זייער ביישפיעל איז נאכהער נאכגעפאלגט געווארען פון די ארבייטער אין פיל אנדערע שטעט.

ווען מען נעמט אין אנבאטראכט די שווערע לאגע, אין וועלכער די יוניאנס האבען זיך דאמאלס געפונען, די גרויסע שטערונגען וואס זיי האבען געהאט, די אויסגעשפראכענע שנאה פון געזעץ קעגען זיי, און די אפטע קריזיסען, וועלכע זיינען דאן פארגעקומען אין לאנד, וועלכע פלעגען אפט צושטערען די יוניאנס, וואס זיינען מיט אזוי פיל מיה אויפגעבויט געווארען, קען מען ערשט דאן פארשטעהן דעם גרויסען פראגרעס וואס זיי האבען אין אזא קורצער צייט דורכגעמאכט.

דאס איז אבער נאר געווען דער אנפאנג. די הויפט ארבייט האט ערשט געדארפט קומען. — איז אבער אנגעקומען דער בירגער־קריג, און האט אויף א קורצע צייט די ארבייט אין גאנצען אפגעשטעלט.

2.

די גרויסע מערהייט פון דער ארגאניזירטער ארבייטער־שאפט האט מיט'ן קריג סימפאטיזירט. זיי האבען שוין לאנג אגיטירט פאר, און געפאדערט די אפשאפונג פון שקלאפעריי, און ניט קוקענדיג דערויף, וואס די פאליטישע פיהרער אין וואשינגטאן, האבען געהאט גאנץ אנדערע אינטערעסען אין זינען, פיהרענדיג דעם בירגער־קריג, און דערקלערענדיג דעם קריג אלס

מלחמה פאר דער איינהייט פון דער רעפובליק, איז אבער פאר די ארבייטער דער קריג געווען הויפּטזעכליך א קריג געגען שקלאַ־פעריי.

די יוניאָנס האָבען זיך אָנגעפאנגען מעהר אָפּגעבען מיט דער מלחמה ווי מיט זייערע געוועהנליכע אינטערעסען. פיל יוניאָן־פיהרער און באאמטע האָבען גענומען רעקרוטירען מיליטערישע קאמפּאניעס פון די מיטגלידער פון זייערע יוניאָנס. איין יוניאָן אין פילאַדעלפיע האָט זיך אלס גאנצע קערפּערשאַפט אָנגעשלאָסען אין דער ארמיי, זייער באשלוס איז פארשריבען אין זייערע פּראָטאָקאָלען בזה הלשון:

„באשלאָסען זיך אנשליסען אָן אָנקעל סעם'ס ארמיי פאר דער צייט פון קריג, די יוניאָן איז דארום געשלאָסען ביז יענער צייט, ווען די איינהייט פון דער רעפּובליק וועט זיין געזיכערט. אָדער, מיר וועלען פאַרניכטעט ווערען"*). עס פארשטעהט זיך, אז ניט אלע יוניאָנס, און ניט אלע פיהרער, האָבען זיך אזוי ווארעם אָפּגערופען אויף פּרעזידענט לינקאָלן'ס רוף. עס זיינען געווען אזעלכע יוניאָנס און איבערהויפּט פיהרער, וואס זיינען געווען דורכאויס געגען קריג. זייער ווירקונג איז אבער געווען זעהר קליין און אומבאדייטענד. די ארבייטער האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער ארמיי אין גרויסע מאסען, און דער רעזולטאַט איז געווען, אז כמעט אלע יוניאָנס האָבען פארלאָרען זייערע בעסטע מיטגלידער און פיהרער. פיל יוניאָנס זיינען דאן אונטער־געגאנגען, און די וואס זיינען פארבליבען, זיינען געווען אזוי שוואך, אז זיי האָבען אפילו ניט געטראכט וועגען די אלע פּלע־נער וואס זיי האָבען פאר דער מלחמה געהאט. זייער איינציגע זארג איז געווען, ווי עס איז אויפהאלטען די ארגאניזאציעס, ביז דער קריזיס וועט פאראיבער.

*) Herman Schlitter: Lincoln, Labor and Slavery, p. 137.

## נאַציאָנאַלע טרייד יוניאָן קערפּערשאַפטען.

### 1.

מיט'ן אויסברוך פון קריג האט אין לאנד אויך אויסגע־בראכען אן אינדוסטריעלער קריזיס, וועלכער האט באשאפען א גרויסע ארמיי פון ארבייטסלאָזע. ווען עס איז אבער דורכגע־גאנגען די ערשטע עטליכע מאנאטען, די צייט פון צוטומעלניש און אומזיכערהייט, האט זיך די לאגע איינגאַנצען געביטען. די פּראָדוקציע האט אָנגעפאנגען צוריק זיך אומקערען צו איהר נאָרמאַלען גאנג. דערצו איז נאָך צוגעקומען גרויסע מלחמה־באַשטעלונגען: צו פיהרען די מלחמה האט מען געדארפט ניט נאר מענשען, נאָר אויך קליידער, שפּייז, אמוניציע א. אז. וו. אר־בייט איז געווען לרוב. פיל נייע „פעקטאָרים" האבען זיך גע־עפענט, אלע ארבייטסלאָזע האבען באקומען ארבייט, אבער א דאנק דעם וואס גרויסע מאסען ארבייטער האבען זיך אנגעשלאָ־סען אן דער ארמיי איז געוואָרען א דוחק אויף ארבייטער.

די ארבייטער זיינען געוואָרען ביי זיך שטארקער: עס הויבען גלייך אן אויפצולעבען די אלטע יוניאַנס, און נייע ווערען ארגאניזירט. דורך סטרייקס, און אין פילע פאלען, אָהן סטרייקס, ווערען די שכירות באדייטענד פארגרעסערט, און די ארבייטס־באדינגונגען פארבעסערט. דער צושטאנד אין לאנד איז אבער אזא, אז די אלע פארבעסערונגען וואס די ארבייטער האָ־בען געקראגען, איז געווען ווי א טראָפּען אין ים. כדי צו פיהרען דעם קריג האט די רעגירונג געדארפט גרויסע סומען געלט, האט זי דערפאר ארויסגעלאָזט מאסען פּאַפּיר־געלט, און געמאכט אסך חובות, אבער קיינער האט דאך ניט געקענט וויסען צי וועט די

מלחמה זיין ערפאלגרייך אדער ניט, און פאלגליך צי וועט די רע־גירונג זיין ביכולת איהרע חובות אויסצוצאהלען. די פאפיר־געלט זיינען דערפאר שטארק געזונקען אין זייער ווערט. א פאפירע־נער דאָלער, צו יענער צייט, איז ניט מעהר ווערט געווען ווי פון 30 ביז 70 סענט אין גאָלד*). אלס רעזולטאט דערפון זיינען די פרייזען אויף אלע לעבענס־מיטלען געשטיגען אויף גאנצע פינף און זיבעציג פראצענט, אין אנדערע פעלע, זאגאר פארדרייפאכט. די העכערונג אין שכירות וואס די ארבייטער האבען געקראגען, האבען זיך קיינמאָל ניט אויפגעהויבען צו דער הויך, צו וועל־כער עס האבען דערגרייכט די פרייזען אויף לעבענס־מיטלען, און נאָך די זיגען פלעגען די ארבייטער אלע מאל איינזעהן, אז „יעצט איז זייער לאגע ערגער ווי פריהער."

געטריבען פון דער ביטערער נויטווענדיגקייט, הויבען זיך די ארבייטער אָן ארגאניזירען אין יוניאָנס מיט מעהר חשק, ווי ווען עס איז בעפאר. יוניאָנס ווערען ארגאניזירט אין אזעלכע „טריידס", וואס זיינען ביז איצט קיינמאָל ארגאניזירט ניט גע־ווען. די אלטע יוניאָנס הויבען זיך אָן פאראייניגען צווישען זיך אין צענטראלע קערפערשאפטען. עס ווערען אין דער צייט אָרגאַ־ניזירט די אייזענבאַן ארבייטער, די ציגארען־מאַכערס, די בוי־ארבייטער, און מוליאַרעס. די בעקער ארגאניזירען זיך אין א נאַ־ציאָנאלער יוניאָן. עס ווערען דעמאָלט אויך אָרגאַניזירט פיל אנדערע טריידס. דער קלאסען־קאמף ווערט אינטענסיווער און ערפאלגרייכער.

די וויכטיגסטע טרייד־יוניאָן פון יענער צייט איז אהן ספק געווען די שוך־ארבייטער אָרגאַניזאציע „נייטס אוו סיינט קריס־פין", וואס איז ארגאניזירט געוואָרען אלס אינטערנאַציאָנאלע

*)Herman Schlitter: Lincoln, Labor and Slavery, p. 139.

יוניאן אין 1869. די ארגאניזאציע האט געשפּילט א באדייטענ־
דע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער טרייד יוניאן באוועגונג.
מיט איהר גרויסען ערפאָלג האט זי — אין דער קורצער צייט
פון איהר עקזיסטענץ — אין דער פּראקטיק, פיל מעהר פּאָפּו־
לער געמאכט דעם געדאנק פון נאציאָנאלער פאראייניגונג
פון די טרייד־יוניאָנס, ווי דאס וואלט געקאָנט געטאן ווערען
פון יאָהרען לאנגע געוועהנליכע פּראָפּאגאנדע.

איהר ערפאָלג איז ווירקליך געווען גרויס. אין דער צייט
פון איהר העכסטער אנטוויקלונג האט זי געצעהלט איבער הונ־
דערט טויזענט מיטגלידער, וואָס פאר יענער צייט איז אזא
צאָהל פאר אן ארבייטער ארגאניזאציע געווען כמעט אומבאַ־
גרייפליך. זי האט אנגעפיהרט אסך ערפאָלגרייכע סטרייקס, און
זעהר פיל פארבעסערט די לאגע פון די שוך־ארבייטער.

די „נייטס אָוו סיינט קריספּין" איז ניט נאָר געווען א
טרייד יוניאָן, ווי די היינטיגע, איהר אויפגאבע איז געווען ניט
נאָר מאָמענטאל פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער. אין
איהר באריכט פאר 1871 ווערט געזאגט „מיר באטראכטען די
טרייד יוניאָן נאָר אלס אן אגענט, אלס מיטעל צו א ציל; צו
פארזיכערען פאר די ארבייטער א גערעכטען טייל פון זייער אר־
בייט" כדי דאָס צו דערגרייכען האבען זיי אנגעפיהרט א קאָ־
אָפּעראטיווע טעטיגקייט, און א שטארקע פּראפּאגאנדע פאר אר־
בייטער געזעצגעבונג. א דאנק זייער טעטיגקייט איז אין מאסא־
טשוזעטס סטייט דורכגעפיהרט געוואָרען א געזעץ פאר א צעהן
שטונדענדיגען ארבייטס־טאָג.

לאנג אבער האט די ארגאניזאציע ניט געלעבט, נאָר אין
1873 אויף זייער קאָנווענשאן אין קליוולאנד האט דער גענעראל
סעקרעטאר אין זיין באריכט געזאגט „עפּעס מוז געטאן ווערען,
אויב ניט וועט אַט די ארגאניזאציע באלד זיין א זאך פון דער
פארגאנגענהייט". און ווירקליך, די ארגאניזאציע האט גענומען

שנעל אונטערגעהן. אורזאכען דערויף זיינען געווען פיל. שלעכטע צייטען, אינערליכע רייסעריי, און איבערהויפט זייער מאנאפאל טאקטיק, זוכענדיג ניט צו לאזען קיין נייע ארבייטער צום טרייד, און דערמיט באשאפענדיג „סקעבס", פון וועלכע זיי אליין איז נאכהער אויסגעקומען שטארק צו ליידען. אין א פאר יאהר שפע־טער איז די ארגאניזאציע אינגאנצען אונטערגעגאנגען.

## 2.

דער געדאנק צו גרינדען א נאציאנאלע טרייד־יוניאן ארגא־ניזאציע, וועלכע די „נייטס און סיינט קריספין" האבען פרו־בירט צו פארווירקליכען, איז אבער מיט דעם טויט פון דער אר־גאניזאציע ניט אפגעשטארבען. נאך פאר דער גרינדונג פון די „נייטס" און זאגאר פאר דעם בירגער־קריג, האבען פיל פראמי־נענטע ארבייטער־פיהרער זיך אפגעגעבען פאפולער צו מאכען, אט דעם געדאנק. דער הויפט פארטיידיגער פון דעם געדאנק איז געווען וויליאם ה. סילווים, וועלכער איז איינער פון די שעהנסטע פערזענליכקייטען פון דער דאמאלסטדיגער ארבייטער־באווע־גונג.

אליין, א קינד פון א ארבייטער, געבוירען און אויפגעהאָ־דעוועט געווארען ביי אן ארבייטער פאמיליע, איז ער שפע־טער געווארען איינער פון די חשוב'סטע פערזענליכקייטען אין דעם אמעריקאנעם טרייד יונאניזם. א געבוירענער פיהרער, א פעהיגער זשורנאליסט און א גלענצענדער רעדנער, האט ער געווידמעט זיין גאנצען לעבען און זיין גרויסען טאלאנט, פאר דער ארבייטער באוועגונג. אין 1857 ווערט ער א מיטגליד אין דער אייזען גיסערס יוניאן (אייראן מאולדערס) אין פילאדעל־פיע, און הויבט גלייך אן, אגיטירען פאר א פאראייניגונג פון

אלע אייזען ארבייטער יוניאָנס איבער'ן לאַנד אין אַן אינ־טערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, און א דאַנק זיין טעטיגקייט ווערט, ווירקליך, דעם 5 יולי 1859 אָפּגעהאַלטען א צוזאַמענ־פּאָר, אויף וועלכען עס איז ארגאניזירט געווארען, אַן אינטער־נאַציאָנאַלע טרייד יוניאָן פון אייזען ארבייטער.

אבער סילוויס שטעלט זיך דערמיט ניט צופרידען, הגם אַלע זיינע יאָהרען אַן ארבייטער, וואָס האָט זעהר ווייניג צייט, און מיטלען פאַר בילדונג און זעלבסטאַנטוויקלונג, האָט זיך איהם דאָך איינגעגעבען א געוויסע מאָס בילדונג צו קרי־גען, און איבערהויפּט פיל צו לייענען, ער איז געווען באַקאַנט מיט דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט, און איז שטאַרק באַאיינפלוסט געווארען פון די סאָציאַליסטישע אידעען וואס זיינען דעמאָלט דאָ אין לאַנד געפּרעדיגט געווארען פון דער אמעריקאַנער אָפּטיילונג פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ארביי־טער אסאָציאַציע" (דער ערשטער „אינטערנאַציאָנאַל") ער האָט פארשטאַנען—ווי ער אליין דריקט זיך אויס—דעם אמת אז אונ־זער פאָלק איז צוטיילט אין צוויי קלאַסען, די רייכע און די אָרימע, די פּראָדוצירער און די ניט פּראָדוצירער און אז די אינטערעסען פון א ל ע א ר ב י י ט ע ר זיינען דיזעלבע און זיי דאַרפען דערפאַר זיין אָרגאַניזירט ניט נאָר אין באַזונ־דערע קרעפט ארגאניזאציעס, נאָר אויך אין אַן אַלגעמיינע אר־גאניזאציע אלס קלאַס.

נאָך פאַר דעם בירגער קריג האָט זיך סילוויס געשטעלט אין פארבינדונג מיט פארשידענע טרייד יוניאָנס און פּראָמי־נענטע ארבייטער פיהרער, און פּרובירט צוזאַמענרופען א קאָנ־ווענשאָן מיט'ן צוועק צו פאַראייניגען אלע יוניאָנס אין איין נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט, אבער דער בירגער קריג איז אָנ־געקומען און האָט אויף א צייט, אָט די אלע פּלענער צושלאָ־

נען, און ערשט אין 1866 איז דער פּלאַן פאַרווירקליכט געוואָר־
רען.

דעם 26טען מערץ 1866 האָט וו. ה. סילוויס אפּגעהאַלטען
א קאָנפערענץ מיט איניגע ארבייטער פיהרער, און צוזאמען
האָבען זיי פאַרעפענטליכט אַן אויפרוף פאַר אַ נאַציאָנאַלען
צוזאמענפאַר פון טרייד יוניאָנס, וואס זאָל פאָרקומען דעם
20טען אויגוסט דעם זעלבען יאָהר אין באַלטימאָר. צו דער
באשטימטער צייט זיינען זיך צונויפגעקומען דעלעגאטען פון
פארשיידענע טיילען פון לאנד און נאָך אַ לאַנגע און אלזייטיגע
דיסקוסיע איז געגרינדעט געווארען די ערשטע נאַציאָנאַלע אר־
בייטער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע, „די נעשיאָנאַל לייבאָר
יוניאָן".

כדי צו האָבען אַ פאָרשטעלונג וועגען דעם כאַראַקטער
פון דער נייער ארגאַניזאַציע וועט זיין גענוג אויסצורעכענען די
פראַגען וועלכע זיינען אויף דער ערשטער קאָנווענשאָן פאַרהאַנ־
דעלט געווארען. גלייך אין אָנפאַנג זיינען באַשטימט געוואָרען
פאָלגענדע 8 קאָמיטעס, 1) פאַר טרייד יוניאָנס און סטרייקס.
2) 8 שטונדיגען ארבייטס טאָג, 3) קאָאָפּעראַציע אין פּריזאָן
ארבייט, 4) נאַציאָנאַלע ארבייטער ארגאַניזאַציע, 5) אויסצו־
ארבייטען אַ רוף צו די אמעריקאַנער ארבייטער, 6) פּערמאַ־
נענטע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, 7) פּאָלקס־באָדען און נאַציאָ־
נאַלע חובות און 8) אַ קאָמיטע צו קאָנפערירען מיט'ן פּרעזי־
דענט פון די פאַראייניגטע שטאָטען וועגען דער רעפאָרם באַ־
וועגונג.

וועגען די אלע פראַגען זיינען שפּעטער אָנגענומען גע־
ווארען רעזאָלוציעס. די וויכטיגסטע רעזאָלוציעס ביי דער קאָנ־
ווענשאָן איז אָהן ספק געווען וועגען דעם אַכט שטונדיגען אר־
בייטס־טאָג און פּאָליטישער אקציע. נאָך לאַנגע דעבאַטען איז
אָנגענומען געווארען די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„די געשיכטע פון דער געזעצגעבונג אין דער פאַרגאַנגענ־היים האָט קלאָר באַוויזען אַז מען קען קיין שום צוטרויען ניט האָבען צו די צוזאַגען פון די עקזיסטירענדע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע זיי מאַכען צו די אינדוסטריעלע קלאַסען. די צייט איז געקומען ווען די אַרבייטער פון די פּאַראייניגטע שטאַטען דאַרפען איינגאַנצען אָפּברעכען זייערע פּאַרטיי באַציהונגען און זיך אַליין אָרגאַניזירען אין אַ נאַציאָנאַלער אַר־בייטער פּאַרטיי. איהר אויפגאַבע זאָל זיין דורכ־צופיהרען אין קאָנגרעס און אין די פאַרשיידענע „לעדזשיסלייט־שורס" (שטאַט פּאַרוואַלטונגען) אַ געזעץ וואָס זאָל מאַכען אַכט שטונדען פאַר אַ געזעצליכען אַרבייטס טאָג, און דערוויילען אין די דאָזיגע אינסטיטוציעס בלויז אַזעלכע מענשען וואָס האָ־בען צוגעזאָגט צו שטיצען און רעפּרעזענטירען די אינטערעסען פון די אינדוסטריעלע קלאַסען"*)

די רעזאָלוציע ווערט אָנגענומען נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע, און צו איהר ווערט בלויז צוגעשטעלט די ווערטער: „אַזוי שנעל ווי מעגליך". גלייך נאָך די ווערטער „זיך אַליין אָרגאַניזירען אין אַ נאַציאָנאַלער אַרבייטער פּאַרטיי."

פיל אַנדערע וויכטיגע און ראַדיקאַלע רעזאָלוציעס זיינען אויף דער קאָנווענשאָן אָנגענומען געוואָרען, אָבער אַלע רעזאָ־לוציעס זיינען פאַרבליבען „אויפ'ן פּאַפּיר". די קאָנווענשאָן האָט אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. זי האָט ניט באַשאַפען קיין אָרגאַניזאַציאָנס אַפּאַראַט וואָס זאָל די אַרבייט טאָן, האָט ניט אויסגעאַרבייט קיין פינאַנץ סיסטעם

*) Commons: History of Labor in the U. S., vol. 2, p. 99.

און אפילו ניט קלאָר באַשטימט ווער זיינען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע.

עס פאַרשטעהט זיך אַז די אָרגאַניזאַציע האָט דערפאַר א גאַנצען יאהר גאָרניט געטאָן, אויסער פּראָפּאַגאַנדירען די אידעען וועלכע די קאָנווענשאָן האָט פּראָקלאַמירט. די אמת'ע געשיכטע פון דער „נעשאָנאַל לייבאָר פּארטי" הויבט זיך דערפאַר ערשט אָן מיט איהר צווייטער קאָנווענשאָן, (אָפּגעהאַלטען אין שיקאַגאָ אין 1867) די דאָזיגע קאָנווענשאָן באַנוגענט זיך שוין ניט מיט רעזאָלוציעס אליין, נאָר שאַפט אויך געוויסע מיטלען, אין אינסטיטוציעס די רעזאָלוציעס דורכצופיהרען אין לעבען. ביי דער קאָנווענשאָן איז אויך אריינגעבראַכט געוואָרען א רעזאָלוציע צו גרינדען אַן אומאָפּהענגיגע פּאָליטישע ארבייטער פּאַרטיי, און א רעזאָלוציע פון סילוויס, זיך אַנשליסען אלס טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אסאָציאַציע.ביידע רעזאָלוציעס זיינען דורכגעפאַלען, די געגנערשאַפט צו זיי איז אבער געווען אזוי שוואַך, און די שטימונג פון די מיטגלידער אזוי ראַדיקאַל, אַז עס איז קלאָר געווען אַז עס איז נאָר א פראַגע פון צייט, ווען ביידע רעזאָלוציעס וועלען דורכגעהן.

און ווירקליך ביי איהר דריטער קאָנווענשאָן אין 1868, איז געגרינדעט געוואָרען אַן אומפּארטייאישע פּאָליטישע ארבייטער פּאַרטיי אונטער'ן נאָמען „די נייש'אָנאַל רעפאָרם פּאַרטי" מיט וויליאם ה. סילוויס אלס פּרעזידענט.

דער כאַראַקטער פון דער נייער פּאַרטיי, איהרע צילען און שטרעבונגען זיינען דערקלערט געוואָרען פון סילוויס'ען אין א צירקולאַר וואָס ער האָט, אלס פּרעזידענט, אדויסגעשיקט צו אַלע אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס. אין דעם צירקולאַר ווערט געזאָגט:

„מיר אָרגאַניזירען א נייע ארבייטער פּאַרטיי, מיט'ן צוועק צו קריגען דעם קאָנטראָל איבער דעם קאָנגרעס און איבער די

פאַרשיידענע גזועצגעבענדע קעגפערשאַפטען איבער'ן גאַנצען לאַנד, דאַס איז אַן אומגעהויער שווערע אַרבייט, אבער דאַס מוז און קען געטאַן ווערען... צו לאַנג זיינען מיר געווען נעציייג אין די הענט פון די פאַרשיידענע פראָפעסיאָנעלע פּאָליטישע פּאַרטייען... לאָמיר זיך איצט אָפּטיילען פון אַלע אַנדערע פּאַרטייען, און אָרגאַניזירען אַן אייגענע אַרבייטער פּאַרטיי, באַזירט אויף די פּרינציפּען פון עהרליכקייט און עקאָנאָמיע, און גלייכע רעכטען און פּריווילעגיעס פאַר אַלע מענשען". אין אַ צווייטען צירקולאַר זאָגט ער: „די צייט פון מאַנאַפּאָלען איז צום ענדע... געלט האָט אונז שוין צו לאַנג באַהערשט, לאָמיר איצט פּראָבירען באַהערשען דאַס געלט". און אין אַ בריף צום גענעראַל קאָונסיל פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, רעדענדיג וועגען דער נייער פּאַרטיי זאָגט סילוויס: „אונזערע צילען זיינען דיזעלבע, דאַס איז אַנפיהרען די מלחמה צווישען די אָרימע און די רייכע". דיזע ציטאַטען איז גענוג צו צייגען אַז די „נעשיאָנאַל רעפאָרם פּאַרטי" האָט געזאָלט זיין אַ סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי.

שפּעטער אויף איהר פינפטער קאָנווענשאַן, האָט די נ. ל. י. אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואו זי דערקלערט זיך אין סימפּאַטיע מיט די אידעען און שטרעבונגען פון אינטערנאַציאָנאַל, און פ א ר ש פ ר ע כ ט א י ן ק ו ר צ ע ן זיך אַן איהם אַנשליסען, אבער דאַס איז איהר ניט געווען באַשערט, ווייל אין קורצען האָט זי אַנגעפאַנגען אונטערגעהן.

אין דער פּראַקטיק האָט די נ. ל. י. ניט פיל אויפגעטאַן, איהר וויכטיגסטער אויפטו איז דער געזעץ, — וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען, אַ דאַנק איהר פּראָפּאַגאַנדע, אין קאָנגרעס אין 1868 — פאַר אַן אַכט שטונדיגען אַרבייטס טאָג פאַר אַלע רעגירונגס אַרבייטער, בכלל באַשטעהט איהר אויפטו איבערהויפּט אין דעם וואָס זי האָט פּאָפּולער געמאַכט די אידעע פון דעם 8 שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און די נויטווענדיגקייט פון אַן

אומאפּהענגיגער קלאסען פּאָליטיק פאר דער ארגאניזירטער אר־בייטערשאפט.

דעם 27 יולי 1869 איז וו. ה. סילוויס, וועלכער איז געווען די נשמה פון דער גאנצער באַוועגונג געשטאָרבען, דער גרויסער פארלוסט פון די אמעריקאנער ארבייטער איז אויסגעדריקט גע־ווארען אין א רעזאָלוציע וואָס דער גענעראל קאונסיל פון דעם אינטערנאַציאָנאל האט דעמאָלט אָנגענומען: „אז די אמעריקא־נער ארבייטער באַוועגונג" ווערט אין דער רעזאָלוציע געזאָגט „איז ניט אָפּהענגיג פון אן איינצעלנעם פּערזאָן איז זיכער, אָבער ניט ווענינער זיכער איז דער פאקט, אז דער פארלוסט וואס די אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג ליידט דורכ'ן טויט פון וו. ה. סילוויס קאָן ניט פארגיטיגט ווערען, אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו סילווים'ען, וועלכער האָט אלס גענעראל פון דער פּראָלעטארישער ארמיי, געהאט צעהן יאָהר ערפאַ־רונג, אחוץ זיינע גרויסע פעהיגקייטען — און איצט איז סילוויס טויט"*).

גלייך ווי סילוויס'עס טויט הויפּט די אָרגאַניזאציע אָן שנעל אונטערגעהן. עס כאפּען זיך אריין אהין פיל פּראָפעסיאָ־נעלע פּאָליטישענס, וועלכע זוכען די ארגאניזאציע בלויז פאר זייערע אייגענע נוצען, עס פאנגען זיך דעריבער אן אינערליכע רייסערייען, און דערצו קומט נאָך צו אייניגע פאַרלאָרענע גרע־סערע און קלענערע סטרייקס און א דאנק די אלע אורזאכען, ווי אויך א דאנק דעם פאקט וואָס די אידעען וועלכע זי האט נעפּרעדיגט, זיינען צו יענער צייט געווען צו ראדיקאל, און האָ־בען מעהר אפּגעשטויסען ווי צוגעצויגען, די ברייטע ארבייטער מאַסען, געהט די „נעשיאָנאל לייבאר יוניאָן" אין א גאנץ קורצע צייט אונטער.

*) Morris Hilquit, History of Soc. in the U. S., p. 192.

## די „נייטס אָוו לייבאָר" (ק. אָוו. ל.)

### 1.

צווישען די פילע יוניאָנס וואס זיינען אָרגאַניזירט געװארען דורך דער צייט פון בירגער קריג, איז אויך ארגאניזירט געוואָרען אין פילאדעלפיע א יוניאָן פון צושניידער. דיזע יוניאָן איז, ווי די מערסטע יוניאָנס, געגרינדעט געוואָרען אין א צייט פון סכנה: די שניידער באַלעבאַטים, באַהאַלטענדיג זיך הינטער'ן געשריי: פאַטריאָטיזם, האָבען געזוכט צו פאַרקלענערען די שכירות פון די ארבייטער, טראָץ דעם וואס זייערע פראָפיטען זיינען א דאנק דער מלחמה שטאַרק געוואקסען. די ארבייטער האָבען איינגעזעהן דעם געפאַר און זיך גלייך אָרגאַניזירט אין א יוניאָן.

די ערשטע צייט איז אַלעס געגאַנגען גאַנץ גוט. די יוניאָן איז ניט נאָר געווען ערפאָלגרייך אין איהר ווידערשטאַנד געגען דעם צורייצטען אַפּעטיט פון די באַלעבאַטים, נאר עס האָט זיך זיי אויך איינגעגעבען די שכירות צו העכערען. ווען דער קריג איז אָבער פאַראיבער און די אינדוסטריע איז אוועק מיט איהר נאָרמאַלען גאַנג, איז פאר דער יוניאָן קיין סך ארבייט ניט פארבליבען. די יוניאָן האָט זיך אַנגעפאַנגען מערסטענס אָפּגעבען מיט ארויסהעלפען איהרע מיטגלידער אין א צייט פון נויט. זי האָט זיך אנגעהויבען פארוואנדלען אין „א בענעפיט סאָסייטי". אָבער אַלס בענעפיט סאָסייטי האָט זי איהרע מיטגלידער ניט פיל אינטערעסירט, און זיי האָבען אויפגעהערט באַ־

זוכען די מיטינגען און צאָלען זייערע דיוס, עס איז קלאָר געווען אַז די אָרגאַניזאַציע לעבט איבער איהרע לעצטע שטונדען.

עס זיינען אבער אין דער אָרגאַניזאַציע געווען אייניגע מיטגלידער וועלכע האָבען פארשטאַנען דעם ווערט פון אן אר־בייטער אָרגאַניזאַציע, אומאפּהענגיג פון דעם צי קאָן זי ברענגען מאָמענטאַלע נוצען אדער ניט, איבערהויפּט האָט זיך צווישען אַט די איינצעלנע מיטגלידער אויסגעצייכענט איינער מיט׳ן נאָמען יוראַ ס. סטיווענס, אַ מאַן וואָס איז געווען גוט באַלע־זען, און אויף ווערקען די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און אי־בערהויפּט „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" וועלכען ער האָט געלייענט, האָט געהאט אַ גרויסען איינפלוס.

סטיווענס האָט זיך שוין לאַנג ארומגעטראָגען מיט׳ן גע־דאַנק צו אָרגאַניזירען אַ גרויסע ארבייטער אָרגאַניזאַציע אויף סאָציאַליסטישע יסודות, און איצט זעהענדיג אַז די אָרגאַניזאַ־ציע אין וועלכער ער איז אַ מיטגליד געהט אונטער, האָט ער זיך גענומען איבעררעדען פּריוואַט, מיט איינצעלנע מיטגלידער וועגען אַ נייער אָרגאַניזאַציע.

דעם 9טען דעצעמבער 1869 איז די שניידער יוניאָן אין פילאַדעלפיע אָפיציעל אופגעלעזט געוואָרען. דאַן האָט סטי־ווענס צוזאַמענגערופען צעהן (10) פון די געוועזענע מיטגלידער און נאָך אַ לאַנגער אַלזייטיגער דיסקוסיע וועגען דער ארבייטער לאַגע, איז באַשלאָסען געוואָרען צו גרינדען אַ נייע ארבייטער אָרגאַניזאַציע.

ביים דריטען מיטינג פון דער נייער ארגאַניזאַציע איז באַשלאָסען געוואָרען אַז איהר נאָמען זאָל זיין „נייטס אָוו לייבאָר" (די ריטער פון ארבייט) און אַז זי זאָל פארבלייבען אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע. די ערפאַרונג האָט געלערענט די דאַ־מאָלסטדיגע פיהרער אַז „אַן אָפענע" יוניאָן ווי איינער פון זיי האָט זיך אויסגעדריקט ברענגט די ארבייטער מעהר שאדען ווי

נוצען, די באלעבאטים דערוויסען זיך גלייך אלעס וואס עס קומט פאר אין דער יוניאן און ווער עס זיינען איהרע טעטיגע מיטגלידער, און „די טעטיגע מיטגלידער פלעגען שטענדיג זיין אין א געפאר צו פארלירען זייערע פלעצער.ביים זעלבען טי־טינג זיינען שוין אויך דערוויילט געווארען פראמינענטע באַ־אמטע מיט סטיווענסען אלס „מאסטער ווארקמען דזשענע־ראל."

פאר א לאנגער צייט איז די ארגאניזאציע פארבליבען א געהיימע, איבערהויפט האבען זיי געהאלטען געהיים דעם נא־מען און די ארגאניזאציאנס פארמען. אין דער עפענטליכקייט זיינען זיי באקאנט געווען אלס די „פייוו סטארס" (פינף שטע־רען) ארגאניזאציע דערפאר וואס אויף אלע איהרע אפיציעלע דאקומענטען פלעגט זי אנשטאט איהר נאמען אוועקשטעלען פינף שטערענדלעך.

איהרע ארגאניזאציאנס פארמען איז געווען העכסט צענט־ראליסטיש, די מיטגלידער זיינען געווען ארגאניזירט אין „לא־קאל אסעמבלים", די לאקאל אסעמבלים אין „דיסטריקט אסעמב־לים", און זיי אלע צוזאמען האבען געהאט איין צענטראלע קערפערשאפט די „דזשענעראל אסעמבלי" וועלכע האט אין אלעם געהאט די לעצטע דעה.

ווען די ארגאניזאציע האט אנגעהויבען וואקסען און ארויסצייגען איהר טעטיגקייט, האבען זיך אנגעפאנגען פארשפרייטען, א דאנק איהר געהיימען כאראקטער, די פארשיידענסטע קלאנגען און ווילדסטע היפאטעזען וועגען איהר. מען האט אבזיכטליך און ניט ווילענדיג, פארשפרייט שרעקליכע מעשות וועגען די „פייוו סטארס". פראפעסאר איליי דערצעהלט אז „די צייטונגען האבען פארשפרייט ווילדע גע־שיכטען וועגען דער אויפגאבע פון דער ארגאניזאציע, באשול־דיגענדיג זי אין דער זעלבער צייט, אז אין קאמוניזם אז אין

אונטערצינדעריי, און די קאטאָלישע און פּראָטעסטאנישע גלחים האָבען זיי אין די קירכען פאַרדאַמט." *)

די פיהרער פון דער אָרגאַניזאציע האָבען גלייך דערזעהן אז דער געהיימער כאראקטער פון זייער ארגאַניזאציע וועט איהר רואינירען, און אין יולי 1878 ווערט אויף א ספּעציעלען צו־זאמענפאָר באשלאָסען, פאַרעפענטליכען פאַר דער וועלט דעם נאָמען און די אויפגאבען פון דער אָרגאניזאציע. מען קען מיט זיכערהייט זאָגען אז די אמת'ע געשיכטע פון די „נייטס אוו לייבאָר" פאַנגט זיך ערשט אָן פון דער צייט וואס זיי האָבען אויפגעגעבען דעם געהיימען כאראקטער פון דער אָרגאַניזאציע, כמעט אין אַלע אנדערע פּרטים איז די אָרגאַניזאציע ווייטער פאַרבליבען געהיים, באשיצט דורך פאַסיר ווערטער און אַנ־דערע מיטלען.

2.

די אויפגאבען פון דער אָרגאַניזאציע איז פון איהרע פיה־רער דערקלערט געוואָרען אין פאָלגענדע ווערטער.

„די ארבייט וואס אונזער אָרגאַניזאציע נעמט אויף זיך איז איינע פון די גרעסטע וואָס איז אונטערגענומען געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט געשיכטע, דאס איז די ארבייט פון פאַרבינדען אין איין בונד אַלע ארביי־טער פון דער גאַנצער וועלט אין איין אוניווערסאַלער ברודערשאַפט" און די ארבייט פון דעם דאָזיגען פאַרבאַנד זאָל זיין, זאָגט ווייטער דער זעלבער פיהרער (סטי־ווענס) „פאָלשטענדיג צו באפרייען די פּראָדוצירער פון רייכטום, פון דער שקלאַפעריי און איבעל פון לוין ארבייט." באטראַכ־טענדיג די אַלע פּאָליטישע און רעפאָרמערישע פּארטייען פון

*) R. T. Elly: The Labor Movement in America, p. 79.

זיין צייט, קומט סטיוועגס צום שלום, אז קיינע פון זיי וויל ניט באמת, און קען ניט פארטרעטען די אינטערעסען פון די אר־בייטער. ער זאגט: „אויב הילף וועט אמאל קומען, אדער אפילו איינפאכע גערעכטיגקייט, פאר די ארבייטער, וועט עס מוזען קומען דורך די ארבייטער זעלבסט.“

און א צווייטער פיהרער וואס איז שפעטער אויך געווען „מאסטער ווארקמען דזשענעראל“ דערקלערט אז די אויפגאבע פון די נייטס אוו לייבאר איז ניט צו „קעמפען מיט דעם מענ־שען פאר זיין, וואס מיר מאכען פון איהם, מיר דארפען שטיר־צען דעם באזיס פון דער סיסטעם וואס מאכט דעם ארבייטער פאר דעם שקלאף פון דעם קאפיטאליסט, אזוי לאנג ווי די איצ־טיגע סיסטעם וועט עקזיסטירען וועלען די פראבעם צו מאכען שלום צווישען דעם וואס פארקויפט זיין ארבייט און צווישען דעם וואס קויפט זיין פרוכטלאז“*).

דער פלאץ ערלויבט ניט פיל מעהר ציטאטען צו ברייננען. עס וואלט אבער מעגליך געווען נאך פיל זייטען אנפילען מיט ציטאטען, וואס צייגען ווי טיף דורכגעדרונגען מיט׳ן סאציאליס־טישען גייסט די נייטס אוו לייבאר איז געווען אין די ערשטע יאהרען פון איהר עקזיסטענץ. זיי האלטען זיך שטענדיג אן דעם סאציאליסטישען פרינציפ, אז עס איז די אויפגאבע פון די ארבייטער, זיך זעלבסט פאלשטענדיג צו באפרייען. זיי הא־בען שוין דעמאלט פארשטאנען, וואס פילע יוניאנס קענען נאך ביז איצט ניט פארשטעהן: „אזוי לאנג ווי די איצטיגע קאפי־טאליסטישע ארדנונג וועט עקזיסטירען קען קיין שלום ניט זיין צווישען דעם וואס קויפט און דעם וואס פארקויפט ארבייטס קראפט.“

מיט׳ן זעלבען סאציאליסטישען גייסט איז אויך דורכגע־

---

*) T. W. Pouderly: Thirty years of Labor.

נומען זייערע פּראַקטישע פאָדערונגען. צווישען זייערע פאָדע־רונגען געפינען מיר צ.ב.ש. אַזוינע ווי „צו קריגען פאַר די אַר־בייטער דעם פולען פּראָדוקט פון זיין ארבייט", גענוג לוידיגע צייט אין וועלכע די ארבייטער זאָלען קענען אנטוויקלען זייערע אינטעלעקטועלע, מאָראַלע און סאָציאַלע פעהיגקייטען, די פאַ־נאַנדערטיילונג פון דער ערד צווישען די וועלכע ווילען עס אַליין באַארבייטען, די אָפּשאַפונג פון אַלע קלאַסען געזעצען, די אָפּ־שאַפונג פון קינדער ארבייט (אונטער 15 יאָהר). די געזעצליכע אנערקענונג פון די טרייד יוניאָנס, אָפּשאַפונג פון פּריזאָן אַר־בייט, און פיל אנדערע, וואָס מען קען נאָך ביז איצט געפינען אין די פּלאַטפאָרמעס פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

זעהר פיל געוויכט האָט די „נייטס אוו לייבאָר" געלייגט אויף קאָאָפּעראַטיווער טעטיגקייט. אין איהר פּראָגראַם איז גע־ווען אַ פּונקט „צו באַשאַפען קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, וועלכע זאָלען מיט דער צייט אָפּשאַפען לוין שקלאַפעריי און איינפירען אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט". אין 1886 דער־צעהלט פּראָפעסאָר אילי, האָבען זיי געהאַט איבער הונדערט קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, צווישען זיי, הייזער, קראָמען, צייטונגען, און אנד. איין מאָל האָבען זיי אפילו געקויפט אַ קוילען מינע, צו וועלכער זיי האָבען אָבער צוגעלייגט אַ באַדייטענדע סומע.

## 3.

האָבענדיג פאַר זייער הויפּט אויפגאַבע „די פאַראייניגונג פון אַלע ארבייטער, פאַר דער ענדליכער אָפּשאַפונג פון דעם לוין סיסטעם", האָט די נ. אוו ל. ברייט געעפענט איהרע טירען פ אַ ר  א ל ע  א ר ב י י ט ע ר  ווער עס האָט נאָר געוואָלט, אָהן אונטערשייד, פון ראַסע, געשלעכט אָדער רעליגיאָן, אָהן

אונטערשייד מיט וואס פאר א אינסטרומענטען זיי ארבייטען. אלע ארבייטער זיינען אין דער נ. און ל. געווען ווילקאמען. „יעדער איינער וואס וויל קעמפען פאר דער ארבייטער זאך — זאגט איינער פון זייערע פיהרער — איז פאר אונז ווילקאמען.“

צוליב די זעלבע אורזאכען האט די נ. און ל. ניט שטארק זיך געקימערט וועגען טרייד ארגאניזאציעס, וואו מען האט גע־קענט האט מען ארגאניזירט א טרייד יוניאן, וואו עס זיינען אבער ניט געווען גענוג מענשען פון איין טרייד, האט מען אר־גאניזירט די אזוי גערופענע „מיקסד־אסעמבלים“, וועלכע זיינען באשטאנען פון אהבייטער פון פארשיידענע טריידס. אונטער דער העכסט צענטראליזירטער ארגאניזאציאנס פארמע פון דער נ. און ל. וואו די גענעראל אסעמבלי האט געהאט אין אלעם די הויפט דעה, האט עס ניט אויסגעמאכט.

פון איין זייט איז עס אפילו געווען א מעלה. א דאנק אט דער ארגאניזאציאנס פארמע, זיינען פילע סטרייקס געוואו־נען געווארען ניט דורך דער מאכט פון די אריגינעלע סטרייקס, נאר דורך סימפאטיע סטרייקס פון זייערע חברים.

גאנץ אפט אבער איז דער געמישטער כאראקטער פון דער ארגאניזאציע געווען א גרויסער חסרון, אפט פשוט א הינדער־ניש אויף זייער וועג. די אומגעהויער ארבייטס צוטיילונג, די פארפאלקאמטע טעכניק, און די גרויסע פארשפרייטונג פון דער מאשין פראדוקציע, וואס מיר האבען היינט, און וואס האט פאקטיש אפגעשאפט דעם אונטערשייד פון איין טרייד (קרעפט) צום צווייטען, און פארוואנדעלט די קרעפט פראדוק־ציע אין אן אינדוסטריעלער, איז נאך דאן ניט געווען. יעדער באזונדערער טרייד, אונטער די דאמאלסטדיגע צושטאנדען, איז געווען אין זיך אן אפגעשלאסענע זאך, א וועלט פאר זיך. עס האט פארשטעהט זיך געקענט זיין א גייסטיגע פאר־

וואַנדשאַפט צווישען די ארבייטער פון די פארשיידענע טריידס, א באַוואוסטזיין פון דער איינהייט פון זייערע אינטער־רעסען, אבער קיין פאַקטישע פארבינדונג, איז ניט געווען. עס איז דערפאַר פארשטענדליך אז אין איין אַסעמבלי וואו עס געפינען זיך מענשען פון פארשיידענע טריידס, זאָלען די איינגע טרייד אינטערעסען פון יעדען באַזונדער, אביסעל פארנאַכלע־סיגט ווערען.

בכלל האָט די נ. אָוו ל. געהאַלטען וועניג פון איינצעלנע סטרייקס, איינער פון זייערע פיהרער דערקלערט זייער שטאַנד־פונקט אין די פאָלגענדע ווערטער. „אנערקענענדיג אז עס איז צייטענווייז נויטיג זיך גלייך געגענשטעלען אונטערדריקונג, דאַרפען אבער סטרייקס אויסגעמידען ווערען, וואו נאָר מעגליך. א סטרייק, קען אַם מערסטען, נאָר געבען א צייטווייליגע פאַר־לייכטערונג. אונזערע מיטגלידער מוזען דערצויגען ווערען זיך צו פאַרלאָזען אויף ארגאַניזאַציע, קאָאָפּעראַציע און פּאָליטישע טע־טיגקייט, דורך וועלכע מיר וועלען דערגרייכען די אָפּשאַפונג פון דער איצטיגער לוין־סיסטעם. פאָלגליך האָבען זיי מעהר געוויכט געלעגט אויף זייער אויפקלערונגס, און קאָאָפּע־ראַטיווער טעטיגקייט ווי אויף סטרייקס.

דאָס מיינט אבער ניט, אז די מאָמענטאַלע נויטען פון די ארבייטער איז אינגאַנצען פארנאַכלעסיגט געוואָרען, אין דער פּראַקטיק האָבען זיי פיל סטרייקס אָנגעפיהרט, גאַנץ אָפט באַ־נוצענדיג זיך מיט'ן סימפּאַטיע סטרייק און באָיקאָט אַלס קאַמפּס מיטעל, און האָבען דורך דעם פיל פאַרבעסערט די לאַגע פון די ארבייטער.

זייער הויפּט פאַרדינסט אבער איז דער העלדישער קאַמף וואָס זיי האָבען אָנגעפיהרט פאַר אַן אַכט שטונדיגען ארבייטס טאָג, זייער פאָדערונג פון א אַכט שטונדיגען ארבייטס־טאָג,

האבען זיי ניט געזוכט צו באַגרינדען ווי מאנכע טרייד יוניאַנס טוען עס היינט, אויף דעם ארגומענט אז אין 8 שטונדען קען מען פּראָדוצירען פונקט אזוי פיל און אפשר נאָך מעהר ווי אין 9 אדער 10 שטונדען. זייער איינציגער ארגומענט איז געווען, אז עס איז נויטיג פאַר די ארבייטער, און זיי האָבען דערפאַר אין זייער פּלאַטפאָרם אריין געשטעלט א פונקט „אז זיי שטרעבען, איינ־פיהרען אן 8 שטונדיגען ארבייטס־טאָג, דורך „איין אלגעמיינע אנטזאגונג" מצד די ארבייטער צו ארבייטען מעהר ווי 8 שטונ־דען".

# די „אמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לײבאָר" (א. פ. אָוו. ל.) און די „נײטס אָוו לײבאָר."

## 1. —

די „נײטס אוו לײבאר" האט זיך פיל פרײנט געמאכט. אבער אויך ניט װעניג שונאים, און שונאים האט זי געהאט ניט נאר אין די באַזיצענדע קלאסען נאר אויך צװישען די ארבײטער גופא. די הויפט געגנערשאפט האט זי געפונען צװישען די אזוי גערופענע „סקילד מעקעניקס" (געלערענטע ארבײטער).

צװישען די געלערענטע און די ניט געלערענטע ארבײטער איז קײן צופיל גוט לעבען קײן מאָל ניט געװען די געלערענטע ארבײטער האבען שטענדיג געקראגען בעסערע פרײזען און בעסערע ארבײטס באדינגונגען װי די ניט געלערענטע, און האבען דערפאר ניט אזוי שטארק געפילט דעם דרוק פון די הערשענדע קלאסען, אויסער דעם האט זיך דער געלערענטער ארבײטער שטענדיג געפילט מעהר אומאפהענגיג, ער איז געװען א יחסן, א ספעציאליסט אין זײן טרײד, אין דער צײט װאס דעם פלאץ פון א ניט געלערענטען ארבײטער קאן יעדער אײנער פארנעמען, מוז מען אבער זוכען אויף דעם פלאץ פון א סקילד ארבײטער, א צװײטען סקילד, א ספעציאליסט, װאס איז ניט אלע מאל אזוי לײכט צו געפינען.

די שטארקע אנטװיקלונג פון דער טעכניק פאר די לעצטע יאהרען, די פילע נײע פארפאלקאמטע מאשינען, די גרויסע פאבריקען, מיט זײערע אומגעהויערע ארבײטס צוטײלונג, שאפט

אלס מעהר און מעהר אפ אט דעם טיפ ארבייטער, זיי ווערען ווענינער פון טאג צו טאג, אבער אין יענער צייט (1880) זיינען זיי געוועזן אין א זעהר גרויסער צאהל, און זיי האבען געשפילט א גרויסע ראלע אין ארבייטער לעבען.

די געלערענטע ארבייטער אמאל, און אויך היינט, שטעלען מיט זיך פאר דעם קאנסערוואטיווען טייל פון דער ארבייטער־שאפט. עס קאן לייכט זיין זיי צו ארגאניזירען אין א קרעפט יוניאן, עס איז אבער אם שווערסטען צו זיי צוטרעטען מיט וועלכע עס איז פראגרעסיווע אידעען, ווער רעדט נאך אויב א אידעע אדער באוועגונג שמעקט מיט רעוואלוציע, דעמאלט ווע־לען זיי פון איהר אנטלויפען ווי פון א פעסט. עס איז דארום פארשטענדליך אז אט די „סקילד" ארבייטער זאלען אויף דער סאציאליסטיש געשטימטער „נייטס אוו לייבאר" קוקען מיט אומצוטרויען, און טראץ דעם וואס אין איהרע לעצטע יאהרען, איז די „נייטס" געווארען פיל קאנסערוואטיווער, איז זי אבער פאר זיי אלץ צו ראדיקאל געוועזן.

אויסער מיט דעם סאציאליסטישען גייסט, זיינען די סקילד ארבייטער אויך שטארק אומצופרידען געוועזן מיט דער צענט־ראליסטישער ארגאניזאציאנס פארמע פון די „נייטס אוו לייבאר". אויב אלע ארבייטער, געלערענטע אדער ניט געלערענטע זיינען פאראייניגט אין איין יוניאן, קען דאך אמאל אויסקומען דעם סקילד ארבייטער, דעם אריסטאקראט, צו קעמפען פאר אן איינפאכען אומגעלערענטען ארבייטער, און דאס האט ער ניט געוואלט. ער האט בעסער שטענדיג געזוכט צו פארבעסע־רען זיין לאגע, אויפ'ן חשבון פון די „ניט געלערענטע" איידער העלפען זיי.

דאס אלעס האט געפיהרט דערצו, אז א גרויסע צאהל פון די געלערענטע ארבייטער זאלען מיט די „נייטס אוו לייבאר" זיין אומצופרידען. פאר זייערע ספּעציעלע טרייד צוועקען פלע־

נען זיי זיך אָרגאַניזירען אין אומאפהענגיגע יוניאָנס. דאָס זייַ־
נען געווען אזוינע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען זיך ניט אפ־
נעגעבען מיט קיין אנדער זאך ווי „פיור ענד סימפעל“ יוניאַ־
ניזם, זיי האָבען זיך ניט געקימערט וועגען דעם וואס עס געהט
אָן אין דער ארבייטער וועלט בכלל, סיידען דאס האָט אנגערירט
זייערע ספעציעלע טרייד אינטערעסען. האָבען ניט געוואלט
וויסען פון די „טרוימערייען“ פון אנדערע ארבייטער ארגאניזאַ־
ציעס, וועלכע האבען זיך פיל ברייטערע און ווייטערע צילען
געשטעלט. דאָס זיינען געווען יוניאָנס וועמעס איינציגער ציל
עס איז געווען צו פארבעסערען די לאגע פון זייערע מיטגלידער
אויפהאלטען און העכערען וועגן מעגליך די שכירות, פארטיידי־
גען זייערע מיטגלידער ביי דער ארבייט. ווייטער אבער האָט
זיי גאר ניט געקימערט קיינע צוקונפטס אידעאלען האָבען זיי
זיך ניט געשטעלט, דאָס האָבען זיי איבערגעלאזען פאר אנדערע.

אָבער אויך אָט די אומאפהענגיגע אריסטאָקראטען פון דער
ארבייט, האָבען דורך ביטערע ערפארונג ערפארען אז „עס איז
ניט גוט צו זיין אליין“. זיי האָבען אין זייער קאמף זיך שנעל
ארומגעקוקט ווי נויטיג עס איז פאר זיי די שטיצע פון אלע
אנדערע ארבייטער. זיי האָבען דערפאר צונויפגערופען א צוזאַ־
מענפאָר אין נאוועמבער 1881 אין פיטסבורג וואו זיי האָבען
זיך אלע פאראייניגט אין איין פעדעראציע אונטער׳ן נאָמען :
„פעדערײשאָן אָוו אָרגאנייזד טרייד ענד לייבאר יוניאָנס“. שפּע־
טער אין 1886 האָבען זיי דעם נאָמען אומגעביטען אויף „אמע־
ריקאן פעדערײשאָן אָוו לייבאר.“

2.

די א. פ. אוו ל. האָט גלייך ביי איהר גרינדונג זיך גע־
שטעלט אויף דעם זעלבען „פיור ענד סימפעל“ שטאנדפונקט

פון די פריהערדיגע אומאפהענגיגע יוניאנס פון וועלכע זי איז צוזאמענגעשטעלט. פונקט ווי זיי, שטעלט זיך די א. פ. אוו ל. קיין אנדער אויפגאבע ווי די פארבעסערונג פון דער לאגע אויס־שליסליך פון איהרע מיטגלידער, ניט האבענדיג פאר זיך קיין צוקונפטס אידעאל,ניט קימערענדיג זיך פאר'ן לעבען, ליידען, און נויטען פון די ארבייטער אויסער דער „פעקטארי". די פיה־רער פון דער א. פ. אוו ל. האבען שטענדיג ביטער געקעמפט קעגען יעדען איינעם וואס האט פרובירט אריינצוברענגען אין זייערע יוניאנס העכערע אידעאלען, דורך ווארט און שריפט, טאג איין טאג אויס ווערען די ארבייטער געלערענט, דורך דער א. פ. אוו ל., אז א יוניאן דארף זיין א יוניאן און ניט מעהר. ד.ה. אז א יוניאן דארף זעהן פארהיטען די אינטערעסען פון די ארבייטער אין זייערע שעפער און פעקטארים, און ווייטער איז ניט איהר עסק. „מיר האלטען", ווערט געזאגט אין א רעזא־לוציע „אז די טרייד יוניאנס פון אמעריקע, וועלכע שטעלען צו־זאמען די א. פ. אוו ל. זיינען געגען דעם אריינברענגען אין די יוניאנס וועלכע עס איז פראגען וואס האבען צו טאן מיט פאר־טיי פאליטיק", אונטער דעם ווארט פארטיי פאליטיק, ווערט דא אבער געמיינט „אידעען" ווייל געהאנדעלט האט זיך עס דאן ניט וועגען פאליטיק, נאר וועגען סאציאליזם.

די א. פ. אוו ל. איז ארגאניזירט געווארען אלס פעדעראציע וועלכע זאל אין זיך אריינגעמען אלע, אין יענער צייט, עקזיסטירענדע יוניאנס. ביי איהר גרינדונג איז ניט געמיינט גע־ווארען זי זאל זיין אן אפאזיציע צו די נייטס אוו לייבאר. אין איהר אויפרוף צו איהר ערשטען צוזאמענפאר (פיטסבורג 1881) ווערט געזאגט: „מיר האבען אן אנצאל טרייד יוניאנס, טרייד אסעמבלים, אדער קאונסילס, נייטס אוו לייבאר און פיל אנדע־רע לאקאלע, נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע יוניאנס, אבער ווי גרויס עס זאל ניט זיין די ארבייט וועלכע זיי האבען אויפ־

געטאָן, קאָן דאָך געטאָן ווערען פיל מעהר, ווען די אַלע זאַלען קאָמבינירט ווערען אין אַ פעדעראַציע פון אַלע טריידס."

פון דער דערקלערונג איז אַלזאָ קלאָר אַז די גרינדער פון דער א. פ. אוו ל. האָבען אין דער פעדעראַציע געוואָלט אויך איינשליסען די „נייטס אוו לייבאָר", און ביי דעם ערשטען צוזאַמענפאָר זיינען טאָקע אַסך פון די „נייטס אוו לייבאָר" אַסעמבלים געווען פאָרטראָטען. גלייך אָבער ווי די פעדעראַציע האָט אָנגעפאַנגען איהר אַרבייט איז קלאָר געוואָרען אַז דיביידע אָרגאַניזאַציעס קאָנען האַנט אין האַנט ניט געהן. דער אונטער־שייד צווישען זיי איז געווען אַ צו גרויסער, זיי האָבען זיך אונטערשיידט, סיי אין זייערע פּרינציפּען, סיי אין זייער אָרגאַ־ניזאַציאָנס פאָרמע, און סיי אין זייער טאַקטיק. די א. פ. אוו ל. איז גלייך אין אָנפאַנג פון איהר עקזיסטענץ אַרויסגעטראָטען נעגען דעם אַז איהרע מיטגלידער זאָלען מעגען באַלאַנגען צו אַ צווייטער יוניאָן: זי האָט דערפאַר געפאָדערט אַז די נ. אוו ל. זאָל ווערען אויס טרייד יוניאָן אָרגאַניזאַציע, זי זאָל זיך פאַר־נעמען מיט אויפקלערונגס אַרבייט, מיט קאָאָפּעראַטיוועו, מיט וואָס זי וויל, אָבער ניט מיט טרייד יוניאָניזם. דאַרויף פאַר־שטעהט זיך איז די „נייטס אוו לייבאָר" ניט איינגעגאַנגען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פון קאָנפערענצען, אויסגלייכונ־גען א. ז. וו. אָבער דאָס האָט צו גאָר ניט געפיהרט. דער קאַמף צווישען די צוויי אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס האָט זיך אַלץ מעהר פאַנאַנדערגעפלאַקערט. די קאַמפּס־מעטאָדען זיינען פון ביידע זייטען געווען ניט גאָר קיין אידעעלע, עס איז געגאַנגען אין די לעצטע יאָהרען זאַגאָר אַזוי ווייט ווי „סקעבען" איינס אויפ'ן צווייטען.

דערווייל האָט פּאַסירט עטוואָס וואָס ביידע פון זיי האָבען ניט דערוואַרט, וואָס האָט אָבער פיל אַרויסגעהאָלפען דער

א. פ. אוו ל. צו באַקעמפּפען איהר געגנערין און בלייבען אַליין די הערשערין אין דער אַמעריקאַנער ארבייטער וועלט.

שוין פון גאַנץ לאַנג איז אנגעפיהרט געווארען פון פאַר־שיידענע ארביימער ארגאַניזאַציעס אַן אַגיטאַציע פאַר אַן 8 שטונדיגען ארבייטס־טאַג, אבער איצט, אין די יאָהרען צווישען 1885—86 איז די באַוועגונג פיל שטאַרקער געווארען. די גרויסע מאַסען אָרגאַניזירטע ארבייטער האָבען אנגעהויבען ווערען אומ־געדולדיג און געפאָדערט אַן אַגרעסיווע אַקציע.

אויף דער קאַנווענשאַן פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1884 איז אנגענומען געווארען אַ רעזאָלוציע, אַז פון דעם 1טען מאי 1885 זאָל 8 שטונדען זיין דער געזעצליכער ארבייטס־טאַג. ביי איהר נעכסטער קאַנווענשאַן אין 1885, הגם די באַריכטען זיינען אַז די 8 שטונדע־רעזאָלוציע איז זעהר קאַלט אויפגענומען געווארען, ווערט ווייטער די זעלבע רעזאָלוציע אנגענומען באַשטימענדיג דעם 1טען מאי 1886 פאַר דעם טאָג ווען דער 8 שטונדיגער ארבייטס־טאַג דאַרף זיך אָנהויבען. די א. פ. אוו ל. ווענדט זיך דאַן צו די „נייטס אוו לייבאר" זיי זאָלען זיך אין דער באַוועג־גונג באַטייליגען, און די לעצטע נעמען דעם פאָרשלאַג אָן. עס איז באַקאַנט אַז די פיהרער פון די „נייטס" זיינען פאַר דער באַוועגונג ניט זעהר באַגייסטערט געווען. דער דאַמאָלסטדיגער גרענד מאַסטער ווארקמען פּאודערלי האָט זאָגאַר אין מערץ 1886 ארויסגעשיקט אַ געהיימען צירקולאַר ראַטענדיג די מיט־גלידער זיך ניט אריינוואַרפען צופיל אין דער באַוועגונג פאַר אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג, אבער די מיטגלידער האָבען דערפון ניט געוואָלט וויסען, ווי די אנדערע יוניאָנס האָבען אויך זיי זיך אין דער ארבייט אריין געווארפען. אַ דאַנק דער לעבע־דיגער אַגיטאַציע פאַר דעם אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג הוי־בען אויך אָן די ארבייטער ארגאַניזאַציעס וואַקסען, די „נייטס

און לייבאָר" קריגט צו פאר דעם יאָהר 1886 טויזענטער נייע מיטגלידער, און דאָס זעלבע איז אויך מיט דער א. פ. און ל.

## 3.

אין דער באוועגונג פאר'ן 8 שטונדיגען ארבייטס־טאָג האָבען זיך באטייליגט ניט נאר די טרייד יוניאָנס און די נייטס און לייבאר, נאר אויך די סאָציאליסטישע און אנאָרכיסטישע אָרגאניזאציעס. סאָציאליסטישע ארגאניזאציעס זיינען אין אמעריקע שוין פון גאנץ לאנג געווען, נאָך פאר דעם בירגער קריג, זיי זיינען אבער שטענדיג געווען צוטיילט און צוריסען צווישען זיך. די פילע פּראָבעס צו פאראייניגען אלע סאָציאליסטישע ארגאניזאציעס אין איין סאָציאליסטישע פּארטיי האָט זיך פאר א לאנגער צייט ניט איינגעגעבען. ערשט אין 1877 איז אָרגאניזירט געווארען די ערשטע אויסגעשפּראָכענע סאָציאליסטישע פּארטיי, מיט'ן נאָמען „דהי וואָרקמענס פּארטהי", פון וועלכער עס איז ארויסגעוואקסען שפּעטער די סאָציאליסטישע ארבייטער פּארטיי.

פיל שטאַרקער ווי די סאָציאליסטען זיינען דאן געווען די אנאַרכיסטען. אין אָנפאנג פלעגען אנארכיסטען און סאָציאליסטען גאנץ אָפט באלאנגען צו איין און דערזעלבער ארגאניזאציע. דאס פלעגט ברענגען דערצו אז אנשטאָט טאָן וועלכע עס איז ארבייט פלעגען זיי זיך שטענדיג צווישען זיך ארומרייסען. שפּעטער הייבען זיי זיך אָן פאנאנדערטיילען. די אנארכיסטען אָרגאניזירען זיך אין רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטישע קלובען. אין 1881 ארגאניזירען זיי די „רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטישע ארבייטער פּארטיי", וועלכע איז האלב אנאָרכיסטיש און האלב סאָציאליסטיש, און אין 1883 ארגאניזירען זיי די „אינטער־

נעשאַנאַל וואַרקמענס אַסאָסיאיישאַן" וועלכע איז שוין אויסגע־שפּראָכען אַנאַרכיסטיש.

אמשטאַרקסטען זיינען די אַנאַרכיסטען געווען אין שיקאַ־גאָ. און ווען די באַוועגונג פאַר אַן אַכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסען, האָבען זיך די אַנאַרכיסטישע פיהרער אין דער באַוועגונג אריינגעוואָרפען מיט זייער גאַנצען ענטוזיאַזם. (הגם אין אָנפאַנג האָבען זיי אויך דער גאַנצער באַוועגונג געקוקט סקעפּטיש.) עס ברעכען אין שיקאַגאָ אויס אַ גאַנצע רייהע פון סטרייקס. די פּאָליציי נעמט זיך צו דער ארבייט. קיינמאָל האָט נאָך די פּאָליציי אזוי פיל ברוטאַליטעט ניט ארויסגעוויזען ווי אין די סטרייקס אין זומער 1886. דעם דריטען מאַי 1886 איז פאָרגעקומען אַ גאַסען־שלאַכט צווישען סטרייקערס און פּאָליציי אין שיקאַגאָ און 6 סטרייקערס זיינען גע'הרג'עט געוואָרען און פילע פאַרוואונדעט. אויף מאָרגען, דעם 4טען מאַי, איז אין העיי מאַרקעט סקוועיר פאַררופען גע־וואָרען אַ מיטינג צו פּראָטעסטירען געגען די ברוטאַליטעט פון דער פּאָליציי. דער מיטינג איז אדרעסירט פון די אַנאַרכיס־טישע פיהרער, פּאַרסאָנס, ספּיעז, פילד, שוואָב און אַנדערע. דער מיטינג איז געווען גאַנץ רוהיג. דער „סיטי־מעיאָר" פון שיקאַגאָ, קאַרטער ה. העריסאָן איז ביים מיטינג אַנוועזענד גע־ווען און האָט געפונען, אַז דער מיטינג איז אַ פרידליכער און די אריינמישונג פון דער פּאָליציי איז ניט נויטיג.*)

אַרום צעהן אַזייגער אין אָווענט, ווען דער גרעסטער טייל פון עולם איז זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען, זיינען פּלוצלונג אָנגעקומען אַ מחנה פון 176 פּאָליציילייט און געהייסען די אי־בערגעבליבענע מענשען, וועמען פילד האָט אַדרעסירט, זיך פאַנאַנדערגעהן. פילד האָט זיי געענטפערט, אַז דער מיטינג

*) Morris Hilquit, History of Soc. in the U. S., p. 244-46.

איז אַ פרידליכער און ער זעהט ניט קיין אורזאכע ווארום מען זאָל איהם שטערען. אַבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקליכער קראַך, פון ערגעץ, דורך אַן אומבאַקאַנטער האַנט איז געוואָרפען געוואָרען אַ באָמבע, וועלכע האָט גע̇פּלאַצט לעבען די פּאָליצייליים. איין פּאָליציימאַן פאַלט גלייך טויט, פילע ווערען פארוואונדעט. די פּאָליציי הויבט אַן שיסען אויפ׳ן עולם, און פון עולם ענטפערט מען צוריק מיט שיסעריי. דער רעזולטאַט פון אַט דער שלאַכט איז געווען אַז זיבען פּאָליציילט זיינען געפאַלען טויט און ארום זעכציג זיינען פארוואונדעט געוואָרען. פון די סטרייקערס זיינען פיער געווען טויט און ארום פופציג פארוואונדעט.

ווער האָט געוואָרפען די באָמבע איז נאָך עד היום ניט באַקאַנט. נאָך עד היום גלויבט מען אַז דאָס איז געווען די אַרבייט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. דאָס האָט אַבער געגעבען די מעגליכקייט פאַר די שונאים פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט אויפצוהויבען דעם געשריי אַז די אַנאַרכיסטען געהען חרוב מאַכען אַמעריקאַ. עס הויבען זיך אָן שרעקליכע רעפּרעסיעס. צעהן אַנאַרכיסטישע פיהרער ווערען באַשולדיגט אין מאָרד, איינער פון זיי פאַרראַט זיינע חברים און ראַטעוועט זיין אייגענע פעל, איינער, שנאובעל אַנטלויפט, און די איבעריגע אַכט ווערען געשטעלט צום געריכט. נאָך דעם ווי מען פאַרבאַרייטעט אַ פּאַרס, וועלכען מען רופט משפּט, פאַראורטיילט מען צום טויט די פּאָלגענדע פּערזאָנען, אין וועמעס אומשולד קיינער צווייפעלט שוין איצט ניט מעהר: אַלבערט פּאַרסאָן, אווגוסט ספּיעז, אַדאָלף פישער, געאָרג ענגעל, לואיס ליננ. מיכאַל שוואָב און סעמועל פילד, ווערען פאַר׳משפּט אויף לעבענס־לענגליכע געפענגעניש.

די שיקאַגאָר טראַגעדיע איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג, אַבער נאָך שטאַרקער און

ערגער האָט זיך דאָס אפּגערופען אויף די נייטס און לייבאָר. איהר האָט מען פאַרפאַלגט שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע. איהר מיטגלידערשאַפט הויבט אַן אַפּפאַלען. איהר מאַכט פאַרקלענערט זיך. פון דער צייט אָן, איז די געשיכטע פון די נייטס און לייבאָר די געשיכטע פון איהר אונטערגאַנג. די נייטס און לייבאָר געהט אוועק און מאַכט פּלאַץ פאַר דער אַמעריקען פעדערייישאַן און לייבאָר.

## די א. פ. און ל.

### 1.

די א. פ. און ל. געהט ארויס פון דעם שטאנדפונקט אז די מאדערנע קאפיטאליסטישע פראדוקציע איז אן און פאר זיך ניט אומגערעכט. די מאדערנע פראדוקציע איז א סארט פארט־נערשיפ, (שותפות) צווישען די באלעבאטים און די ארבייטער. כדי צו פראדוצירען עפעס מוז מען האבען מאשינעס, פאברי־קען, רויהע מאטעריאלען און א. ז. וו. דאס פארמאגען די בא־לעבאטים. אבער דאס איז דאך נאך ניט גענוג, צו דעם אלעמען מוז מען אויך האבען ארבייטס קראפט, דאס האבען די ארביי־טער. פאלגליך פאראייניגען זיך באלעבאס און ארבייטער צוזא־מען כדי צו פראדוצירען די אלע נויטינע לעבענס מיטלען. דיביידע שותפים, ווייל זיי זיינען איינער פאר׳ן צווייטען נויטיג האבען זיך גאנץ פיין געקאנט לעבען בשלום, דאן פארשטעהט זיך וואלט מען קיין א. פ. און ל. אינגאנצען ניט געדארפט. איז אבער די צרה וואס איין שותף איז ניט אלעמאל גוט און עהרליך און באהאנדעלט דעם צווייטען ניט יושר׳דיג. דער ניט עהרליכער שותף איז מערסטענס דער באלעבאס. כדי צו צווינ־גען אט דעם ניט עהרליכען שותף צו זיין עהרליך ארגאניזירען זיך די אפגענארטע ארבייטער כדי „צו פארזיכערען פאר זיך יושר און גערעכטיגקייט“. דאס איז אלזא ניט קיין קלאסען קאמף, ניט קיין קאמף געגען אן אומגערעכטער סאציאלער סיסטעם, עס איז נאר א קאמף „צווישען מענשען“ פאר יושר

און גערעכטיגקייט, און בכלל זיינען ניט אלע קאפיטאליסטען שלעכטע, „עס איז א פאקט", זאָגט ס. גאָמפּערס, דער הויפּט פיהרער, און טעארעטיקער פון דער א. פ. אוו ל." אז דער קאַפּיטאליסט בייט זיין מיינונג, ווען ער ווערט איבערציינגט אז דער ארבייטער איז גערעכט, און דערפאר האָט טאָקי די א. פ. אוו ל. זיך אנטזאגט פון דער רעוואָלוציאָנערער מאָטאָ פון די פריערדיגע יוניאָנס „די אָפּשאפונג פון דער לוין סיסטעם", אנשטאט דעם האָבען זיי אוועקגעשטעלט אלס זייער מאָטאָ „א יושר'דיגען טאָג שכירות פאר א יושר'דיגען טאָג ארבייט".

עס האָט זיך נאָך ביז איצט די פיהרער פון דער א. פ. אוו ל. ניט איינגעגעבען קלאָר צו מאַכען וואס איז אזוינס א יושר'דיגער טאָג ארבייט, און וואָס איז יושר'דיגע שכירות. עס איז נאָך ביז איצט פארבליבען א געהיימנים ווער זאָל זיין דער ריכטער איבער די פראגעס פון יושר. עס דאכט זיך אז די פראקטיק פון דער א. פ. אוו ל. האָט גענוג איבערציינגט אז דער יושר איז געוועהנליך ביי דעם ווער עס האָט די מאַכט, ווער עס איז שטארקער — איז גערעכט. אָבער דאך איז דער יושר פּרינציפּ, נאָך ביז היינט צו טאָג פארבליבען דער באזיס פון דער א. פ. אוו ל.

און ווען עס איז א פראגע פון יושר איז ניט מעהר ווי רעכט אז ארבייטער פיהרער זאָלען זיך פון צייט צו צייט צוזאמענקומען מיט די פיהרער פון די הערשענדע קלאסען, זיך דורכרעדען און צוזאמען זעהן ווי ווייט מעגליך פארמיידען דעם „אומנויטיגען ברודער קאמף", א דאנק דעם האָבען מיר דעם פארגעניגען צו זעהן די פיהרער פון דער א. פ. אוו ל. אלס טעטיגע אנגעזעהענע מיטגלידער און באאמטע פון דער קאפּיטאַליסטישער „סיוויק פעדערײשאַן" וועמעס איינציגע אויפגאבע איז צו פארדונקלען דעם ערוואכענדען קלאסען באוואוסטזיין

פון די ארבייטער. און ווי ווייט מעגליך אפשטעלען דעם וואוקס פון סאציאליזם.

יעהרליך קומען זיי זיך צוזאמען, די ארבייטער פיהרער און די ארבייטער אונטערדריקער, ביי שעהנע באנקעטען, אין רייכע האטעלען, און פון דארטען שיקען זיי צו די ארבייטער דעם „מעסעדזש" פון פרידען און קלאסען הארמאניע.

3.

די ארגאניזאציאנס פארמען פון דער א. פ. אוו ל. זיינען פאלגענדע. די ארבייטער ווערען ארגאניזירט אין באזונדערע יוניאנס לויט נאך די געצייג מיט וועלכע זיי ארבייטען און לויט נאך דעם באשטימטען טייל וואס זיי באשאפען אין א פראדוקט. ד.ה. אין קרעפט יוניאנס. די קרעפט יוניאנס זיינען פאראייניגט אין אינטערנאציאנאלע פארבאנדען און די אינטער־נאציאנאלע פארבאנדען זיינען פאראייניגט אין א פעדעראציע. לאקאלען וועלכע האבען נים קיין אינטערנאציאנאלע פארבאנ־דען, זיינען אנגעשלאסען דירעקט אן דער א. פ. אוו ל. טראָץ דעם וואס די א. פ. אוו ל. איז נאר א לויז צוזאמענגעבונדענע פע־דעראציע, וועלכע גיט די אנגעשלאסענע אינטערנאציאנאלען, און איינצעלנע לאקאלען פולע אויטאנאמיע, ווערט עס אבער פארשטאנען אז יעדער יוניאן וואס איז אנגעשלאסען אן דער א. פ. אוו ל. נעמט אן די טאקטיק, און ארגאניזאציאנס פארמע, פון דער א. פ. אוו ל., אלס איהרע.

אויב אין דער צייט פון דער גרינדונג פון דער א. פ. אוו ל. איז געווען וועלכע עס איז אורזאכען פאר ארגאניזירען די אר־

בייטער אין קרעפט יוניאנס, אויב די קרעפט פאנאנדערטיילונג, האט אמאל געבראכט דעם אמעריקאנער ארבייטער נוצען, ברענגט עס אבער איצט נאר שאדען. דער קרעפט יוניאניזם היינט, אין דער צייט פון גרויסע מאשינעס אין פאבריקען, ביי אונזער היינטיגער ארבייטס פאנאנדערטיילונג, ווען אויף יעדען פראדוקט ארבייטען צעהנדליגע מענשען אין פארשיידענע דע־פארטמענטס (אפטיילונגען) און אפט אין פארשיידענע פעקטא־רים, איז ניט מעהר ווי א שטיין אויפ'ן וועג פון דעם ארבייטערס קאמף.

עס איז דאך קלאר אז די אויפגאבע פון א טרייד יוניאן ארגאניזאציע, אפילו פון א „פיור ענד סימפעל טרייד יוניאן", איז איבערהויפט צו ארגאניזירען און פאראייניגען אלע ארבייטער פאר זייער געמיינזאמען קאמף. ארגאניזירענדיג, אבער די אר־בייטער אין קרעפט יוניאנס, צוטיילט און צוברעקעלט די א. פ. אוו ל., די אמעריקאנער ארבייטערשאפט אנשטאט איהר צו פאראייניגען. מיט יעדער נייער מאשין, מיט יעדען ווייטע־רען טריט וואס די פראדוקציע מאכט, ווערט די ארבייט אלץ מעהר פאנאנדערגעטיילט און פארשיידענע קרעפטס, צוגלייך דערמיט ווערען אויך די ארבייטער אלץ מעהר און מעהר פא־נאנדערגעטיילט, אונטער דער קרעפט סיסטעם פון דער א. פ. אוו ל. געפינען מיר אין איינער פון דער זעלבער אינדוסטריע צעהנדליגער באזונדערע, אומאפהענגיגע יוניאנס, וועלכע פיה־רען זיך זייער אייגענעם לעבען, ניט אינטערעסירענדיג זיך מיט אלע אנדערע יוניאנס און אמאל ניט וויסענדיג אפילו איינע פון דער צווייטער.

אזוי צ.ב.ש. דערצעהלט א באקאנטער יוניאניסט אז אין 1911 איז אין דער א. פ. אוו ל. געווען אנגעשלאסען זעקס און פערציג (46) באזונדערע יוניאנס פון ארבייטער וואס זיי־נען אלע געווען באשעפטיגט אין דער „מעטאל און מאשינערי

אינדוסטריע"*) דאָס איז אביישפּיל נאָר פון איין אינדוס־טריע וואס איז אזוי צושפּליטערט, עס וואלט מעגליך געווען א גאַנצען בוך אנפילען מיט די פאקטען וועגען די פאַנאנדער־ברעקלונג פון דער ארבייטערשאַפט א דאַנק דער קרעפט סיס־טעם, די פאקטען זיינען אבער אזוי אלגעמיין באקאנט, אז עס וואלט זיין איבעריג אויף זיי זיך פיל אפּשטעלען.

די קרעפט סיסטעם ברענגט פּאַזיטיווען שאדען דער טרייד יוניאָן באוועגונג ווייל די פארשיידענע באזונדערע יוניאָנס פיה־רען א באזונדערען לעבען, סטרייקען זיי און קעמפען אויך גאנץ באזונדער און מאכען באזונדערע אגרימענטס (קאָנטראקטען) אין פארשיידענע צייטען, און עס טרעפט זייער אפט, אז ווען איין קרעפט אין א געוויסער אינדוסטריע געהט ארויס סטריי־קען, בלייבען פילע אנדערע קרעפטס ארבייטען, ווייל זייער אגרימענט, וועלכען זיי האָבען באזונדער געמאכט, איז נאָך ניט אויסגעגאנגען אדער ניט געבראכען געווארען. עס פארשטעהט זיך אז ווען איין קרעפט געהט ארויס סטרייקען און די אנדערע בלייבען ארבייטען, ווערט דער סטרייק געווענליך פארלאָרען, און ווען שפּעטער געהט ארויס א צווייטער קרעפט סטרייקען, בלייבט דער פריהערדיגער קרעפט ארבייטען, און דער צוויי־טער סטרייק ווערט אויך פארלאָרען. פאר די קאפּיטאליסטען איז לייכטער צו אונטערדריקען די ארבייטער קליינע גרופּען־וויים, איידער קעמפען מיט איין מעכטיגער איינהייטליכער אָר־גאניזאציע. דער באקאנטער סאָציאליסט יודזשין וו. דעבס, רעכענט אויס א גאנצע רייהע סטרייקס, איבערהויפּט פון איי־זענבאַן ארבייטער וואס זיינען איינס נאָך איינס פארלאָרען געגאנגען, ווייל איין מאָל זיינען די אינזשענערען ארויס און אלע איבעריגע ארבייטער זיינען געבליבען ארבייטען — דער סטרייק

*) W. Trautman: Industrial Unionism.

איז פארלאָרען געגאַנגען. שפּעטער זיינען די אנדערע ־־רבייר־
טער ארוים סטרייקען און די אינזשענערען זיינען פארבליבען
— אויך דער סטרייק איז פארלאָרען געגאַנגען. „איך האב
געזעהן“ זאָגט דעבס,“ איין קרעפט יוניאָן ניט ווילענדיג, קעמ־
פענדיג געגען א צווייטען קרעפט... אזוי איז געווען אין ליהַ־
ווע‎לי, אזוי אין טאַלידאָ, נאָרט־מישיגען און פילע אנדערע“. מיר
האָבען ניט איין מאָל געהאַט די געלעגענהייט דאס זעלבע אויך
זעהן אויף דער אידישער גאַס, אויב דער קרעפט יוניאָניזם
ברענגט ווע‎לכע עס איז נוצען, איז עס נאָר פאר די קאַפּיטאַ־
ליסטען, דערמיט וואס עס צוברעקעלט און שוואַכט אָפּ, די
מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט.

ניט האָבענדיג פאר זיך קיין אנדער אויפגאַבע ווי די מאָ־
מענטאַלע פארבעסערונג פון זייער אייגענער לאַגע, ניט קימער־
רענדיג זיך פאר אלע אנדערע ארבייטער, און ניט האָבענדיג
קיין שום איינהייטס געפיהל פאר אנדערע ארבייטער, זוכען די
קרעפט יוניאָנס גאַנץ אָפט צו פארבעסערען זייער לאַגע ניט
אויף'ן רעכענונג פון די באַלעבאַטים נאָר אויף'ן רעכענונג פון
די אומאָרגאַניזירטע, ניט געלערענטע ארבייטער. זיי טוען עס
גאַנץ איינפאַך, זיי פארמאַכען די טירען פון זייערע יוניאָנס
פאר יעדען נייעם ארבייטער וואס וויל צו זיי אריינקומען, און
דערמיט פארמאַכען זיי שוין אויך די טירען פון די „פעקטאָרים“
ווע‎לכע זיי קאָנטראָלירען. אייניגע יוניאָנס אנטזאָגען זיך פּשוט
אריינצונעמען נייע מיטגלידער, אנדערע טוען עס איידעלער, זיי
מאַכען אזוינע הויכע איינטריטס אָפּצאָהלונגען, אז אַן ארבייטער
האט זעלטען ווען גענוג געלט אויף אריין אין דער יוניאָן, די
איינטריטס אָפּצאָהלונגען געהען אין מאַנכע יוניאָנס אזוי הויך
ווי 200 דאָלאַר און אמאָל נאָך מעהר, דער רעזולטאַט דערפון
איז אז טויזענטער ארבייטער פארבלייבען אויסער דער יוניאָן,
און אָפט אויסער ארבייט. די יוניאָנס ווערען פארוואַנדעלט

אין מאַנאַפּאָליעז, און פּרעהען זיך דערמיט, איז דער אמת'ן אָבער טוען זיי זיך א רעה, אָט די טויזענטער אויסגעשלאָסענע ארבייטער, ווערען געגען זייער ווילען אן ארמיי פון „סקעבס". וועלכע זיינען שטענדיג גרייט צו פארנעמען די פּלעצער פון די סטרייקענדע יוניאָן מיוחסים, און מיר האָבען געהאט גענוג געלעגענהייטען צו זעהן, אז די קאפּיטאליסטען ווייסען ווי אזוי זיך צו באנוצען מיט די „פּריווילעגיעס" וואס די א. פ. אוו ל. גיט זיי.

דער קרעפט יוניאָניזם צוטיילט די ארבייטער און באַשאפט א קאמף צווישען איין יוניאָן און דער צווייטער, איין ארבייטער און דעם צווייטען. „געדענקט אז עס איז דא 500.000 ארבייטער אין די פאראייניגטע שטאטען — האָט וו.ד. הייוואוד אויסגעשריען אין זיינער א רעדע אין ניו־יאָרק אין 1911, — וועלכע קאָנען זיך ניט אָנשליסען אן דער א. פ. אוו ל. דאָס איז ניט קיין ארבייטער ארגאניזאציע, ווייל פארבעסערענדיג די לאגע פון א קליינעם טייל ארבייטער, שליסען אויס דורך הויכע איינטריטס געלט אלע אנדערע ארבייטער: דאָס איז איינפאך א קאָמבינאַציע פון דזשאָב טראָסטס".

עס איז אוממעגליך געגוי באשרייבען דעם גרויסען שאדען וואס דער פיור ענד סימפּעל קרעפט יוניאָניזם האָט געבראכט און ברענגט יעצט דער ארבייטער באוועגונג. אָבער נאך אויף איין פונקט וועלען מיר זיך אָפּשטעלען, ווייל דאָס איז א ספּעציעלע כאראקטעריסטיק פון דער א. פּ. אוו ל. א לאָגישער רעזולטאט פון איהר טאקטיק.

א קרעפט יוניאָן איז ניט מעהר ווי „א ביזנעס פּראָפּאָזישאָן", וועלכע האָט קיין שום ווייטערען אויסקוק, אויסער א קליינע מאָמענטאלע פארבעסערונג, קאָן ניט איבריג באגייסטערען איהרע מיטגלידער, ווען עס קומט א שטילע צייט, עס איז ניטאָ קיין סטרייק אדער לאָק־אוט, דאן האָבען די מיטגלידער

קיין שום אינטערעס אין דער יוניאָן, זיי צאָהלען זייערע דיוס און אסעסמענטס, „זיינען גוטע יוניאָן לייט" אבער צו די מי־טינגס קומען זיי ניט, עס איז א פאקט אז העכסטענס באזוכען די יוניאָן מיטינגען פון 8 ביז 10 פראָצענט פון זייער מיט־גלידערשאפט. די ארבייט פאלט אויף די פלייצעס פון א קליין הייפעלע מענשען. אין אַנפאנג טוען זיי די יוניאָן ארבייט לשם אידעאל, שפעטער אבער, ווען די יוניאָן ווערט עלטער, ווערט פון דער אקטיווער מינאָריטעט, באשאפען אן אָליגאַרכיע, א יוניאָן־מאשין, ביי וועמען די יוניאָן און די יוניאָן ארבייט ווערט א געשעפט, פון וועלכער מען דארף זעהן מאכען וואס מעהר פראָפיטען אזוי ווי פון יעדער אנדערער ביזנעס, פאר אַט די פראָפעסיאָנעלע ארבייטער פיהרער, איז שוין מעהר ניט קיין פראגע ווי איז בעסער פאר די ארבייטער, נאר ווי איז בע־סער פאר זיי, און קאָנען זיי ניט אויספיהרען וואס זיי ווילען אויף אן אנשטענדיגען וועג, דאן קלייבען זיי קיין מיטלען ניט אויס, פון דעמאגאָגישען איינרעדען, אפנארען די מיטגלידער — ביז פשוט'ען פארקויפען די ארבייטער אינטערעסען פאר געלט גאנץ אָפט קומט אונז אויס צו הערען, וועגען שענדליכע אומדע־מאקראטישע האנדלונגען פון יוניאָנס, דאס איז אבער ניט ריכ־טיג, דאס זיינען האנדלונגען ניט פון דער יוניאָן נאר פון דער „מאשין".

אזוי האָבען מיר צ.ב.ש. דזשאן גאָלדינס יוניאָן (טעקס־טייל), טאָבינס יוניאָן (שוך ארבייטער), ריקערטס יוניאָן (גאר־מענט וואָרקערס) און קיינער וואונדערט זיך שוין ניט מעהר. געוויס איז עס גאָלדינס אָדער טאָבינס יוניאָן, מען האָט זיך שוין צוגעוועהנט צו דעם — און ווען מען הערט אמאל פון ריינע עהרליכע ארבייטער פיהרער, קוקט מען אויף זיי ווי אויף א זעלטענהייט, א ניט געוועהנליכע ערשיינונג.

## 4.

די א. פ. און ל. שטעלט זיך אויך ניט צופרידען נאר מיט'ן עקאָנאָמישען קאמף. די פיהרער פארשטעהען, אפשר ניט קלאָר, אז דער קלאַסען קאמף, איז ניט נאָר אן עקאָנאָמישער קאמף, נאָר אויך א פּאָליטישער, און זיי האָבען דערפאר זיך געשטעלט אלס ציל, גלייך ביי דער גרינדונג „צו ארבייטען פאר דער דורכפיהרונג פון ארבייטער גינסטיגע געזעצען“. ביי דער ערש־טער קאָנווענשאן האָבען זיי אנגענומען א פּלאטפארם וועלכע האט אנטהאלטען פיל ריין פּאָליטישע פאָדערונגען: ווי אן אכט שטונדיגער געזעץ, געצוואונגענע מיליטער דינסט, אפשאפונג פון קינדער ארבייט, אפשאפונג פון פריזאן ארבייט א. ז. וו. די אלע פאָדערונגען קאָנען נאָר דורכגעפיהרט ווערען, דורך פּאָלי־טישער אקציע.

וואס זשע האט די א. פ. און ל. געטאן?

זי האט ניט, ווי עס איז געווען צו דערווארטען, זיך דער־קלערט פאר אן אומאפהענגיגער ארבייטער פּאָליטיק, דאס וואָלט פאר דער א. פ. און ל. געווען צו ראדיקאל, פארקערט פאר די פיל יאהרען פון איהר עקזיסטענץ האט זי שטענדיג באקעמפט די אומאפהענגיגע פּאָליטישע ארבייטער באוועגונג, און איהרע פיהרער האָבען שוין געזארגט פאר דעם אז יעדען מאָל ווען א רעזאָלוציע פאר אומאפהענגיגער פּאָליטיק איז אריינגעטראָ־גען צו איהרע קאָנווענשאנס, זאָל דורכפאלען. זי האט אנגענו־מען אן אנדער פּאָליטישע מעטאָדע, א מעטאָדע וואָס איז מעהר צוגעפאסט צו דעם אלגעמיינעם קאָנסערוואטיווען גייסט פון דער א. פ. און ל. דאס איז די מעטאָדע פון שתדלנות־פּאָליטיק.

גלייך ביי דער צווייטער קאָנווענשאָן, איז דערוועהלט גע־ווארען א קאָמיטע צו געהן צוביידע קאפיטאליסטישע פּאָלי־

טישע פאַרטייען, זיי פאַרלייגען די „דינסטע“ ד.ה. די שטימען פון די ארבייטער, און דערפאַר זיי בעטען, זיי זאָלען אזוי גוט זיין, און דורכפיהרען ארבייטער פריינדליכע געזעצען. און פון דאמאָלסט אָן טוען זיי דאָסזעלבע יעדען יאָהר, מען פאָרט צו קאָנווענשאָנס, מען שלעפּט זיך נאָך, נאָך די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישאַנס, און מען פיהרט אָן א מיאוסען האנדעל מיט דעם ארבייטער׳ס שטים.

פאַר די פיל יאָהרען פון זייער שתדלנות פּאָליטיק האבען זיי געהאט גענוג געלעגענהייטען זיך איבערצייגען אז זייער מעטאָדע איז א פאַלשע, יאָהר נאָך יאָהר, איז מען אפּגענאַרט געוואָרען פון די „פּאָליטישענס“ וועלכע האָבען צו די וואָלען צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, קיינע פון די פאָדערונגען פון די א. פ. און ל. זיינען ניט דורכגעפיהרט געוואָרען, און די וועניגע ארבייטער געזעצען וואָס זיינען פאַר די לעצטע יאָהרען דורכגעפיהרט געוואָרען, זיינען מעהר צו פאַרדאַנקען די פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטען וואָס האָבען פאַר זיי געאַרבייט ווי דער א. פ. און ל. דאָס איינציגע וואָס די א. פ. און ל. האָט מיט איהר פּאָליטיק אויפגעטאָן, איז איינגערעדען א געוויסע צאָהל ארבייטער, אז עס איז אין זייערע אינטערעסען, צו שטימען פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען — דערמיט העלפענדיג דעם הערשענדען קלאַס — און שאַדענדיג דער פּאָליטישער ארבייטער באַוועגונג.

## דער אָנפאַנג פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם.

פאר די פיל יאָהרען פון איהר עקזיסטענץ האָט די „אַמעריקען פעדערײשאָן אוו לייבאָר" אָהן ספק זעהר פיל אויפ־געטאָן, עס האָט זיך איהר איינגעגעבען אויפבויען אַ גרויסע מעכטיגע ארבייטער אָרגאַניזאַציע, אויסקעמפּפען פאר זיך אַנער־קענונג און אין פיל הינזיכטען אויך פארבעסערען די לאַגע פון איהרע מיטגלידער. ווי גרויס אבער עס זאָלען ניט זיין איהרע פארדינסטען פאר איהרע מיטגלידער, זיינען אָבער איהרע פאר־דינסטען פאר דעם אַמעריקאַנעם ארבייטער קלאַס אלס גאַנצען, אומבאַדייטענד.

די אמעריקען פעדערײשאָן אוו לייבאר איז ניט די אָרגאַ־ניזאַציע פון דעם אַמעריקאַנעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר בלויז פון איין טייל פון איהם; פון די געלערענטע ארבייטער, די אַזוי גע־רופענע „אַריסטאָקראַטען פון דער ארבייט". די א. פ. אָוו ל. האָט ביז דער לעצטער צייט אפילו ניט געפּרואווט צו אָרגאַ־ניזירען די גרויסע מאַסע ניט געלערענטע און וואַנדערענדע אר־בייטער, פאר זיי, אלס מענשען וועלכע זיינען געצוואונגען זעהר אָפט בייטען זייערע מלאכות, איז אין דער פאָד יוניאָן קיין פּלאַץ ניטאָ. הגם זיי זיינען די אם מערסטען אונטערדריקטער טייל פון דער אַמעריקאַנער ארבייטערשאַפט, וועלכע נויטיגען זיך מעהר אין שטיצע און אָרגאַניזאַציע ווי די „אַריסטאָקראַטען פון דער ארבייט" האָט אָבער די אַ. פ. אָוו ל. זיי קיין מאָל ניט געפּרואווט אָרגאַניזירען, און נאָך זעלטענער צו שטיצען אין זייערע אומאָרגאַניזירטע קאַמפּפען.

וואס מעהר עס האט זיך אנטוויקעלט די אינדוסטריע אלס מעהר איז געוואקסען די צאהל פון אט די ניט געלערענטע אר־בייטער און אלץ מעהר זיינען זיי, א דאנק זייער אומארגאַ־ניזירטקייט געווארען א געפאר פאר דער ארבייטער באוועגונג. אבער אויך דאס האט ניט געצוואונגען דער א. פ. אוו ל. צו נעמען אויף זיך אט די אומגליקליכע שקלאפען צו ארגאניזירען. אנשטאט דעם האט די א. פ. אוו ל. געזוכט וואס שטארקער אפצאמען זיך פון זיי, פארפעסטיגען זייערע אייגענע פאזיציעס. זעהר אפט איז׳ן רעכענונג פון די ניט געלערענטע ארבייטער.

אבער אפילו איהרע אייגענע מיטגלידער האט די א. פ. אוו ל. ניט אלע מאל געקענט פארטיידיגען. פיל פון די פאר־בעסערונגען וועלכע זי האט אויסגעקעמפט פאר איהרע מיטגלי־דער זיינען געווען ניט דער רעזולטאט פון סטרייקס נאר פון אנדערע, זייטיגע אורזאכען, דער פאקט איז, אז יעדער גרויסער סטרייק, וועלכען די א. פ. אוו ל. האט ארויסגערופען, אדער געשטיצט, איז אדער פארלארען געגאנגען, אדער פארענדיגט געווארען מיט א קאמפראמיס. די פיל גרויסע סטרייקס וועל־כע זיינען פארלארען געגאנגען אין די יאהרען 1891—92, האבען קלאר באוויזען אז, די ארגאניזאציאנס פארמען און קאמפ׳ס טאקטיק פון דער א. פ. אוו ל. זיינען לחלוטין, ניט צוגעפאסט צום מאדערנעם קלאסען־קאמף. שוין אין יענער צייט הויבט זיך אן א באוועגונג צווישען מאנכע יוניאנס צו ארגאניזירען זיך אויף אן אינדוסטריעלען אופן, און אננעמען רעוואלוציאנערע קאמפ׳ס מעטאדען, אזוי גוט ווי א רעוואלוציאנערען ענד־ציל פאר זייער קאמף.

נאך אין יאהר 1884 האט זיך ארגאניזירט די „ניישיאנאל יוניאן און די יונייטעד ברויערי ווארקמען אוו די יונייטעד סטייטס". די יוניאן איז גלייך פון אנפאנג ארגאניזירט געווא־רען אלס אינדוסטריעלע יוניאן. זי האט ארייננגענומען מיט־

גלידער ניט נאר פון די וואס זיינען דירעקט באשעפטיגט אין די ברויערים, נאר אויך אלע אנדערע וואס האבן א וועלכן עס איז שיכות צו זייער אינדוסטריע: ווי די טרייבער וואס פי־רען פאנאנדער די פארטיגע פראָדוקטען, די אינזשענירען און פייער־לייט און אנד. אין יאהר 1890 איז אויך ארגאניזירט געווארען א צווייטע אינדוסטריעלע יוניאן, די „יונייטעד מיין ווארקערס יוניאן אוו אמעריקע.” וועלכע איז די גרעסטע אר־גאניזאציע פון מינען ארבייטער אין לאנד. אויך אנדערע קלע־נערע ארגאניזאציעס האבן אנגעהויבען זיך פארטראכטען ווע־גען ענדערען זייערע ארגאניזאציאנס פארמען.

די אלע אינדוסטריעלע יוניאנס, הגם זיי זיינען אין פילעס ניט געווען איינשטימיג מיט דער א. פ. אוו ל. האבען זיי אבער מיט זיך ניט פארגעשטעלט קיין אפאזיציע צו איהר. נאך אלעמען איז דאס ביי זיי געווען ניט מעהר ווי א פראגע פון ארגאניזאציאנס פארמען און ניט מעהר, און דערפאר אויב מען האט זיי נאר ניט געשטערט צו זיין ארגאניזירט ווי זיי האבען געוואלט, האט זיי אלע איבעריגע זאכען, קנאפ וואס אינטערע־סירט. די אפאזיציע מצד די אינדוסטריעלע יוניאניסטען גע־גען דער א. פ. אוו ל. הויבט זיך ערשט אן מיט דער ארגאניזי־רונג פון דער „וועסטערן פעדערײשאן אוו מיינערס”.

„די וועסטערן פעדערײשאן אוו מיינערס” איז ארגאניזירט געווארען אין ביוט, מאנטאנא אין יאהר 1893. גלייך פון אנ־פאנג האט זי זיך אונטערשיידט פון די אנדערע יוניאנס ניט בלויז דורך איהר אינדוסטריעלער ארגאניזאציאנס פארמע, נאר אויך דורך איהר רעוואלוציאנערען און סאציאליסטישען גייסט. דער שווערער, ביטערער קאמף וועלכען זיי האבען געמוזט פיה־רען קעגען די מינען־אייגענטימער, וואס האבען געהאט אויף זייער זייט, דעם שטאט און די געריכטען, האט זיי געטריבען דערצו אז זיי זאלען זיך וואס מעהר דערנעהענטערען צו דער

סאציאליסטישער באוועגונג, וועלכע איז דעמאלט געווען, פונקט ווי היינט, די איינציגע, וועלכע האט אנגעוויזען די ארבייטער די אימפאטענץ פון דעם „פיור ענד סימפעל“ טרייד־יוניאניזם, און האט זיי גערופען אויף אן אנדערען, בעסערען און ערפאלג־רייכערען וועג. אויף איהר א צוזאמענפאר נאך אין יאהר 1902 האט די „וועסטערן פעדעריישאן“ באשלאסען „אנצונע־מען די פרינציפען פון סאציאליזם“ דער זעלבער באשלוס איז ווידער גוט געהייסען געווארען אין יאהר 1903, און אין 1904 האבען זיי אנגענומען א רעזאלוציע וועלכע לייענט זיך ווי פאלגט:

„מיר רעקאמענדירען דער סאציאליסטישער פארטיי צו די ארבייטער מאסען... אלס דער איינציגער מקור דורך וועלכען זיי קענען דערגרייכען.... פולע עמאנציפאציע פון דער עקזיסטי־רענדער סיסטעם פון לוין שקלאפעריי...“ און אין דעם פריאמבעל פון זייער קאנסטיטוציע ווערט געזאגט:

„עס געהט אן א קלאסען קאמף אין דער געזעלשאפט. דער דער קאמף איז פאראורזאכט פון די עקאנאמישע באדינגונגען... דער פראדוצירער ווערט בארויבט פון די רייכטימער וואס ער פראדוצירט, בלויז אזוי פיל, וויפיל איהם איז גענוג קוים צו דערהאלטען זיין לעבען, ווערט איהם ערלויבט צו באהאלטען פאר זיך... אט דער קלאסען קאמף וועט אנגעהן אזוי לאנג ביז דער פראדוצירער וועט אנערקענט ווערען אלס דער איינציגער באלעבאס פון זיין פראדוקט... דער ארבייטער קלאס, און בלויז ער אליין, קען און מוז דערגרייכען זיין אייגענע באפרייאונג די אינדוסטריעלע יוניאן און די באוואוסטזיניגע פאליטישע טע־טיגקייט פון אלע לוין ארבייטער, זיינען די איינציגע מעטאדען צו דערגרייכען דעם דאזיגען ענד־ציל.“ אט דער סאציאליסטי־

*) The I. W. W. A study of American Syndicalism, by Paul Fredrick Brissenden, p. 43.

שער באוואוסטזיין מיט וועלכע די „וועסטערן פעדערײשאַן אָוו מיינערס" האָט זיך אויסגעצייכענט, האָט איהר געצוואונגען סוף כל סוף ארויסטרעטען אין קאַמף געגען דער א. פ. אָוו ל. גלייך ביי איהר גרינדונג האָט זיך די פעדערײשאַן אַנגעשלאָסען אַן דער א. פ. אוו ל. אַבער אין פיער יאָהר שפּעטער האָט זי די א. פ. אָוו ל. פארלאָזען. אין יאָהר 1898, ווערט דורך איהר איניציאַטיווע אָרגאַניזירט די „וועסטערן לייבאר יוניאָן", אַן אָרגאַניזאציע וואָס איז מערסטענס באַשטאַנען פון ניט געלערענטע ארבייטער. אין יאָהר 1902 ווערען די העדקוואָדערס פון דער נייער אָרגאַניזאציע איבערגעטראַגען פון ביוט מאַנטאַנא קיין שיקאַגאָ, און דאָ ווערט אויך איהר נאָמען געענדערט פון „וועסטערן לייבאר יוניאָן", אויף „אַמעריקען לייבאר יוניאָן". קיין גרויסען ערפאָלג האָט די אַמעריקען לייבאר יוניאָן קיין מאָל ניט געהאט, איהר גרעסטע און וויכטיגסטע אָרגאַניזאציע איז די גאַנצע צייט פארבליבען די וועסטערן פעדערײשאַן אָוו מיינערס, איהר פארדינסט באַשטעהט הויפּטזאכליך אין פּאָפּולער מאַכען די אידעע פון רעוואָלוציאָנערען אינדוסטריעלען יוניאָניזם.

## די סאָציאַליסטען און די טרייד יוניאָנס.

### 1.

די טרייד יוניאָן פראַגע איז פאַר די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער א שטענדיגע אָנגעווייטאָגטע פראַגע. פאַר יעדען סאָציאַליסט איז קלאָר אז דער ערפאָלג פון סאָציאַליזם איז איבערהויפּט אָפּהענגיג פון דעם צי וועט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָבען די פולע שטיצע פון דער עקאָנאָמישער אָר־גאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט. דער קלאַסען קאַמף, הגם פאַר־מעל איז ער שטענדיג א פּאָליטישער קאַמף, איז אָבער בעצם אַן עקאָנאָמישער קאַמף, נאָר דעמאָלט ווען דער פּראָלעטאַריאַט איז גוט אָרגאַניזירט אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד, און ווען זיין עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע איז דורכגעדרונגען מיט'ן פּרינציפּ פון קלאַסען קאַמף, קענען די סאָציאַליסטען האָפען אויף ער־פאָלג. דער פּאָליטישער ערפאָלג פון סאָציאַליזם, איז ווערטלאָז אויב ער קען ניט אָנצייגען אויף א שטאַרקער קלאַסען־באַוואוס־טער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז גרייט צו צ ו ו י נ־ג ע ן די הערשענדע קלאַסען, אנערקענען דעם סאָציאַליסטישען געווינס, און דורכפירען עס אין לעבען.

אין די לענדער וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אנטשטאַנען פריהער פאַר דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, האָבען די סאָציאַליסטען גלייך פון אָנפאַנג געקענט אויסאיבען א שטאַרקען איינפלוס אויף די יוניאָנס, און זיי מעהר אדער וועני־גער קאָנטראָלירען, און זיין זיכער מיט זייער שטיצע. אין

אמעריקע אָבער איז דאָס פּונקט פאַרקערט געווען. ווען די טרייד יוניאָן באַוועגונג איז אַנטשטאַנען איז נאָך קיין אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג נים געווען און ביז אַן אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַנטשטאַנען, האָבען שוין די טרייד יוניאָנס געהאַט ניט נאָר זייער אָרגאַניזאַציע, נאָך אויך זייערע פיהרער, זייערע קאַמפּס־מעטאָדען, און זייער אייגענעם וועג. דאָס איז געווען דער וועג פון „פיור ענד סימפּעל יוניאָניזם". עס איז אמת אַז פון צייט צו צייט פלעגט אַנטשטעהן אַ טרייד יוניאָן אָרגאַניזאַציע, פון אַ מעהר ראַדיקאַלערען סאָרט, וועלכע פלעגט זיך שטעלען אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון קלאַסען קאַמף — אָבער אַט די יוניאָנס פלעגען אָדער שנעל אונטערגעהן, אָדער אויפגעבען זייער ראַדיקאַליזם.

פאַר דעם אַמעריקאַנעם סאָציאַליזם איז אַלזאָ, פון אָנפאַנג אָן געשטאַנען די פּראָבלעם, וואָס זאָל זיין די שטעלונג פון דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו די עקזיסטירענדע טרייד־יוניאָנס. אַז די סאָציאַליסטען מוזען קריגען דעם קאָנטראָל איבער די יוניאָנס; מוזען זיי פאַרוואַנדלען אין קלאַסען־באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, אין דעם זיינען אַלע איינשטימיג געווען — די הויפּט פראַגע אָבער איז געווען ווי אַזוי טוט מען דאָס?

אַט די פראַגע האָט אַרויסגערופען אַהן אַ שיעור קריגערייען און שפּאַלטונגען אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך אין יאָהר 1888, ווען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פאַרטיי — האָט זיך ערשט ניט לאַנג אָרגאַניזירט און איז באַשטאַנען בלויז פון אַ קליין הייפעלע פרעמדע (איבערהויפּט דייטשען) איז שוין פאַרגעקומען די ערשטע שפּאַלטונג. די הויפּט פראַגע איז דעמאָלט באמת, געווען נים די טרייד יוניאָן פראַגע, נאָר די פראַגע וועגען זעלבסטשטענדיגער פּאָליטיק. די מערסטע מיטגלידער פון דער דאָמאָלסטדיגער ס. ל. פּ. מיט

דער דייטשישער פאלקס־צייטונג אין דער שפיץ, האבען גע־
גלויבט אז עס איז נאך ניט געקומען די צייט פאר דער ס. ל. פ.
(סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי) אנצוהויבען א זעלבסט־
שטענדיגע פאליטישע טעטיגקייט. א צווייטער טייל פון דער
פארטיי — אנגעפירט פון ראזענבערג און בושע, פארקערט
האבען געפאדערט אז די פארטיי זאל גלייך אנהויבען א זעלבסט־
שטענדיגע פאליטישע טעטיגקייט, אין היץ פון קאמף, איז אויך
אריינגעמישט געווארען די טרייד יוניאן פראגע. ראזענבערג,
בושע און זייערע נאכפאלגער, האבען ניט פיל געהאלטען פון
דער טרייד יוניאן טעטיגקייט, פארקערט די „פאלקס־צייטונג"
פראקציע, האט די טרייד יוניאן ארבייט געהאלטען פאר דאס
וויכטיגסטע.

דער קאמף האט זיך געענדיגט מיט א זיג פאר דער „פאלקס־
צייטונג" פראקציע, ראזענבערג—בושע און זייערע חברים הא־
בען פארלאזען די פארטיי.

בכלל איז די ס. ל. פ. אין יענער צייט געווען זעהר ווייט
פון צו זיין אן אויסגעהאלטענע סאציאליסטישע פארטיי. די
פארטיי איז באשטאנען פון א פארשיידענארטיגען עלעמענט.
אויסגעהאלטענע סאציאל־דעמאקראטען, וואס זיינען אבער גע־
ווען צו ווייניג באקאנט מיט אמעריקע, כדי צו קענען אנפאסען
זייערע טעאריעס אויף דער אמעריקאנער ווירקליכקייט, אנאר־
כיסטען וואס האבען געהאט זייערע אייגענע אויסזיכטען אויף
דער פארטיי — אפארטוניסטען וואס האבען פשוט, מיספאר־
שטאנען דער פארטיי. אזוי צ.ב.ש. האט מען ביי דער קאנ־
ווענשאן פון יאהר 1883 געהאט א טענה צום נאציאנאלען סעק־
רעטער וואן־פאטען, ווארום ער איז געווען קעגען דעם אז די
פארטיי אפטיילונגען זאלען גרינדען מיליטערישע קלובען. ווען
דעניעל דעליאן איז אריין אלס מיטגליד אין דער ס. ל. פ. אין

יאהר 1889, דערציילט העברי קוהן אין זיינע ערינערונגען, זיינען אין דעם נאציאנאלען קאמיטעט געווען בלויז צוויי מענשען וואס האבען פארשטאנען ענגליש*) מיט דעם אריינקומען פון דעליאנען האט די פארטיי אויפגעלעבט. דעניעל דעליאן איז פריהער פון אלעם געווען גוט באקאנט מיט אמעריקע, מיט דער אמעריקאנער געשיכטע און מיט'ן אמעריקאנעם פראלעטאריאט, גלייכצייטיג אבער איז ער אויך געווען שוין אפילו אין יענער ערשטער צייט גוט באקאנט מיט דער סאציאליסטישער טעאריע און פראקטיק. ער איז געווען דער מאן אין וועמען די פארטיי האט זיך דעמאלט גענויטיגט. א גלענצענדער רעדנער און זשורנאליסט, אן איבערגעגעבענער סאציאליסט, האט ער גלייך פון ערשטען טאג ווי ער איז אריינגעטראטען אין דער ס. ל. פ. זיך גענומען פאר זיין צווייפאכער ארבייט, צו ארגאניזירען די פארטיי — און אנווענדען די סאציאליסטישע פרינציפען אויף דער אמעריקאנער ווירקליכקייט. אט צו די צוויי ארבייטען האט ער אפגעגעבען זיין גאנצען לעבען און זיינע אומגעהויערע פעהיגקייטען, אויב די אומשטענדען האבען אוממעגליך געמאכט פאר איהם צו מאכען פון דער ס. ל. פ. א גרויסע מעכטיגע פארטיי, האט זיך איהם דערפאר אויפ'ן גלענצענדסטען אופן איינגעגעבען זיין צווייטע אויפגאבע — צו באשאפען אן אמעריקאנער סאציאליזם. ערשט איצט נאך זיין טויט, נאך דעם ווי מען האט איהם יאהרען לאנג אויסגעלאכט און באשמוצט, הויבען אן זיינע טעאריעס אנגענומען ווערען פון די מערסטע אמעריקאנער סאציאליסטען.

אין דער ערשטער צייט נאך דער ראזענבערג־בושע שפאלטונג האט די ס. ל. פ. זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט פון אריינגעהן אין די יוניאנס און בויערען פון אינווענייג. יעדער

*) Daniel Deleon—The man and his work, p. 4.

מיטגליד פון דער ס. ל. פ. האט דאס געהאלטען פאר זיין פליכט צו זיין א מיטגליד אין א יוניאן. פיל אנגעזעהענע פיהרער פון דער ס. ל. פ. זיינען דעמאלט געווען זעהר אקטיוו אין דער „אמע־ריקען פעדערייזשאן אוו לייבאר" און אין דער „נייטס אוו ליי־באר", אזוי צ.ב.ש. איז דעניעל דעליאן געווען א מיטגליד אין די „נייטס אוו לייבאר", וואו ער האט אנגעפיהרט א שווערען און ביטערען קאמף קעגען די „פאליטישענס" וואס האבען דע־מאלט פארנומען אין דער נייטס אוו לייבאר דעם אויבען־אן. עס איז פאר איהם גיט שווער געווען צו האבען איין זיג נאכ'ן צווייטען אין זיין לאקאל, די ארגאניזאציע אבער אלץ גאנצע איז געווען אין די הענט פון איהרע אלטע פיהרער. פאר די פיהרער איז גארניט שווער געווען צו פטור ווערען פון אזוינע „טראבעל־מאכער" ווי דעליאן און זיינע חברים, און אין יאהר 1895, ביי דער וואשינגטאנער קאנווענשאן איז מען טאקי פון זיי פטור געווארען. דעליאן אליין דערציילט וועגען דעם אין פאלגענדע ווערטער. „דער קאפיטאליסטישער קלאס האט גע־זוכט צו קאנטראלירען די יוניאנס — און עס איז אנטשטאנען א קאמף אין די יוניאנס. פון איין זייט זיינען געווען די סאצי־אליסטען, און פון דער צווייטער די קאפיטאליסטען, סאציאליס־טען און פארשטעהער פון די קאפיטאליסטען, זיינעןביידע גע־ווען אין די יוניאנס, יעדער איינער קעמפענדיג צו קריגען דעם קאנטראל איבער די יוניאנס, די סאציאליסטען, זוכענדיג צו קריגען דעם קאנטראל איבער דער ארגאניזאציע לטובת די אר־בייטער; די פארשטעהער פון די קאפיטאליסטען — לטובת די קאפיטאליסטען. דער רעזולטאט איז געווען אז די סאציאליס־טען זיינען באזיגט געווארען"*). די ערפארונג וואס די סאציא־

---

*) The S. T. and L. A. versus The Pure, Simple Trade Unionism. Debate between Daniel Deleon and Job Harriman, p. 8.

ליסטען האָבען געהאַט אין די נייטס און לייבאָר, האָט זיי גע־לערענט אַז פון דער אָרגאַניזאַציע קענען זיי ווענינ וואָס דערוואַרטען, און אַז זייער אַרבייט פון „בויערן פון אינוועניג" איז אינגאַנצען אַרויסגעוואָרפען.

## 2.

ניט פיל בעסער איז אויך געווען די ערפאַרונג וועלכע די סאָציאַליסטען האָבען געהאַט אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. אין די ערשטע צייטען איז גאָר ביי קיין סאָציאַ־ליסט קיין שום פראַגע ניט געווען צי דאַרף ער אַריין אין די עקזיסטירענדע יוניאָנס און דאָרט אָנפיהרען זיין סאָציאַליס־טישע פּראָפּאַגאַנדע. עס איז אין יענער צייט שווער געווען צו געפינען אַ סאָציאַליסט, אויב ער האָט נאָר געקענט געזעצליך באַלאַנגען צו אַ יוניאָן, וועלכער זאָל דאָס ניט טאָן. עס פאַר־שטעהט זיך אַז די אַ. פ. אָוו ל. איז אין דעם קיין אויסנאַם ניט געווען. אין די רייהען פון דער אַ. פ. אָוו ל. האָבען זיך גע־פונען פיל איבערגעבענע מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. וועלכע האָבען ניט נאָר פלייסיג געאַרבייט צו פאַרשפּרייטען אין די יוניאָנס דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק, נאָר בכלל פאַר דעם, וואָלזיין פון די יוניאָנס.

זעהר שנעל אָבער, האָבען די סאָציאַליסטען אויסגעפונען אַז זייער אַרבייט איז אַן אַרויסגעוואָרפענע. די טרייד יוניאָן באַוועגונג איז שוין דעמאָלט געלעגען צו פעסט אין די הענט פון די „פּיור ענד סימפּעל" פיהרער, וועלכע זיינען באמת געוואָ־רען די באַלעבאַטים פון די יוניאָנס, די סאָציאַליסטישע פּראָ־פּאַגאַנדע איז פון די פיהרער אונטערדריקט געוואָרען מיט אַלע מיטלען און פאַר די מערסטע סאָציאַליסטען פלעגט פאַר־

בלייבען אייגם פון די צוויי — אדער פארטריבען ווערען פון דער יוניאָן, אדער אויפגעבען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז געווען דער פאַל ניט נאָר אין די איינצעלנע באזונדערע לאָקאַלען, נאָר אין דער גאנצער ארגאניזאציע. דאָס גאַנצע יאָהר פלעגען זיך די סאָציאַליסטען צוגרייטען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן, און ווען די קאָנווענשאָן איז געקומען, האבען שוין די פיהרער געפונען א וועג ווי אזוי די סאָציאַליסטישע שטימע צו דערשטיקען. יאָהר נאָך יאָהר פלעגען סאָציאַליסטישע רעזאָלוציעס אריינגעטראָגען ווערען און דורכפאלען. צו די מיטגלידער פון דער א. פ. אוו ל. זיינען אָט די רעזאָלוציעס קיין מאָל ניט געקומען. איין מאָל (אין 1893) האָט זיך די סאָציאַליסטען זאָגאר איינגעגעבען אויספיהרען אויף א קאָנווענשאָן אז זייערע א רעזאָלוציע זאָל געשטעלט ווערען צו א רעפערענדום, די רעזאָלוציע האט געלויטעט אז די א. פ. אוו ל. פאָדערט די איינפיהרונג פון קאָלעקטיוועו אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס מיטלען און אנערקענט דעם פּאָליטישען קאמף. ווען אָט די רעזאָלוציע וואָלט געהן צו די מיטגלידער פאר אן אָפּשטימונג, וואָלטען די סאָציאַליסטען געוואונען זעהר פיל, שוין דערמיט אליין וואָס דער סאָציאַליזם וואָלט געמוזט דיסקוטירט ווערען אין די יוניאָנס, דאָס וואָלט געווען אן אויסגעצייכענטע געלעגענהייט פאר פּראָפּאַגאַנדע. די פיהרער פון דער א. פ. אוו ל. האבען זיך דערפאר דערשראָקען, און פשוט, דורך א דריידעל האבען אנשטאָט דער אָריגינעלער רעזאָלוציע, געשטעלט צום אָפּשטימונג אן אנדערע וועלכע פאָדערט די אָפּשאַפונג פון לאַנד־מאָנאָפּאָלען, און אז לאַנד זאָל געגעבען ווערען צו די וואָס ווילען דאָס אליין באארבייטען. די סאָציאַליסטען, אזוי גוט ווי די עקסטרעמע קאָנסערוואַטאָרען האבען געשטימט קעגען דעם סאָבסיטוט, ער איז אבער דורכגעגאַנגען

און דערמיט איז די סאָציאַליסטישע רעזאָלוציע געשלאָגען גע־וואָרען.*)

פון טאָג צו טאָג איז פאַר די סאָציאַליסטען אַלץ קלאָרער געוואָרען אַז זייער מעטאָדע פון בויערען פון אינוועניג איז באַנקראָט, אַז פריהער אָדער שפּעטער, וועט די פיהרער פון די יוניאָנס מיאוס ווערען אָנפיהרען זייער קאַמף קעגען די סאָצי־אַליסטען, און זיי וועלען אָנהויבען זוכען אַ געלעגענהייט אינ־גאַנצען פון זיי פּטור ווערען, אַז זיי האָבען אַזאַ געלעגענהייט געזוכט איז קלאָר געווען פון זייער גאַנצער אויפפיהרונג.

אַזאַ געלעגענהייט איז קירצלאַך געקומען. די טרייד־יוניאָן קערפּערשאַפט פון ניו יאָרק, וואו די ס. ל. פּ. איז געווען פּאַרטראָטען, האָט צוליב געוויסע אורזאַכען אויפגעגעבען איהר טשאַרטער, און זיך פאַראייניגט מיט אַ צווייטער. אין אַ צייט שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזען אַז די פאַראייניגונג איז ניט קיין איינגעגעבענע, און דיביידע קערפּערשאַפטען האָבען באַ־שלאָסען אָפּלאָזען דעם שידוך, און ווייטער פיהרען, יעדער איי־נע, זייער באַזונדערען לעבען. ווען זיי האָבען זיך געווענדעט צו דער אַ. פ. אָוו ל. נאָך אַ טשאַרטער, האָט פּרעזידענט גאָמ־פּערס זיך אָנטזאָגט צו געבען. „ווייל אַז זיי איז אָנגעשלאָסען די ס. ל. פּ. וועלכע איז ניט קיין יוניאָן, נאָר אַ פּאָליטישע פּאַרטיי."

די פראַגע איז פאַרגעבראַכט געוואָרען אויף דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין נאָוועמבער 1890 אין דעטראָיט. דער באַקאַנטער סאָציאַליסט ליוסיען סעניעל, וועלכער איז דאַן געווען איינער פון די פיהרער פון דער ס. ל. פּ. איז געקומען צו דער קאָנווענשאָן צו פאַרטיידיגען זיין פּאַרטיי. אין אַ שעהנער, לאָגישער און איבערצייגענדער רעדע,

*) N. I. Stone, The Attitude of the Socialists toward the Trade Unions, pp. 5-6.

האַט ער געצייגט אַז עס איז ניטאָ קיין אורזאכע ווארום די ס. ל. פּ. זאָל ניט צוגעלאָזען ווערען צו דער טרייד יוניאָן באַוועגונג. ער האַט אָנגעצייגט אַז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קען ניט פאַר־גליכען ווערען צו אַ געוויינליכער פּאָליטישער פּאַרטיי. ער האַט אָנגעצייגט צ.ב.ש. אַז די ס. ל. פּ. איז צוזאַמענגעשטעלט כמעט, אויסשליסליך פון טרייד יוניאָניסטען און אַז די סאָציאַליסטען זיינען די אַקטיווסטע טוער אין די יוניאָנס; ער האַט זיי אָנ־געצייגט דארויף אַז די סאָציאַליסטישע פּאָליטיק, איז אַ טייל פון קלאַסען־קאַמף, וועלכע אַלע אַרבייטער, די א. פ. אָוו ל. אריינגערעכענט, מוזען אָנפיהרען, אָבער די אַלע אַרגומענטען האָבען ניט געהאָלפען, גאַמפּערס און זיינע חברים האָבען בי־טער געקעמפּט, און אויסגעפיהרט; סעניעל איז אַלס דעלעגאַט ניט צוגעלאָזען געוואָרען, און דער סענטראַל לייבאָר פעדערעישאָן פון ניו יאָרק איז אַ טשאַרטער אנטזאָגט געוואָרען סיידען זיי וועלען אויסשליסען דער ס. ל. פּ.*)

דער באַשלוס פון דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן האַט גע־מיינט אַן אָפענע קריגס־דערקלערונג צו די סאָציאַליסטען, עס איז קלאָר געווען אַז די סאָציאַליסטען האָבען מעהר קיין שאַנ־סען ניט געהאַט עטוואָס צו טאָן אין דער א. פ. אָוו ל. אין דער פּאַרטיי האָט זיך אָנגעפאַנגען הייסע דעבאַטען „וואָס איז ווייַ־טער צו טאָן“? אַ קליינע מינדערהייט, די וועלכע האָבען גע־שטעלט דעם באַלדיגען פּאָליטישען ערפאָלג, העכער פון זייערע רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּען, זיינען געווען דערפאַר אַז מען זאָל ווייטער פּרואווען בויערען פון אינוועניג, זיי האָבען פּשוט, ניט געוואָלט זיך איינרייסען מיט דער א. פ. אָוו ל. פון וואַנען מען האָט פּאַרט געהאָפּט צו קריגען אַמאָל אַביסעל „וואוטס“. די גרויסע מערהייט אָבער, האָבען פון ביטערער ערפאַרונג שוין

*) Robert Hunter: Labor in Politics, p. 23.

געוואוסט, אז איצט בויערעז פון אינװעניג, איז ארויסגעוואָר־פענע ארבייט, זיי זיינען דארום געווען פאר דעם אז אַ נייע טרייד־יוניאָן אָרגאַניזאציע, געבויט אויף סאָציאַליסטישע און אינדוסטריעלע יסודות זאָל אָרגאַניזירט ווערען.

אזוי איז אין דעצעמבער 1895 אָרגאַניזירט געווארען די ערשטע סאָציאַליסטישע אינדוסטריעלע יוניאָן, „די סאָשעליסט טרייד ענד לייבאר אליַיענס" (ס. ט. ל. א.)

די גרונד פּרינציפּען פון דער ס. ט. ל. א. האָבען זיי דער־קלערט דורך אַ מאַניפעסט וואס זיי האבען פארעפענטליכט. אין דעם מאַניפעסט ווערט געזאגט: „אַז ערנסטע באַטראַכטונג פון די פאַקטאָרען וועלכע קאָנטראָלירען די ארבייטס באַדינגונגען, צייגען גאַנץ דייטליך, אַז קיינע באַדייטענדע פארבעסערונגען קענען ניט דערגרייכט ווערען אזוי לאַנג ווי די קאַפּיטאַליסטען וועלען באַזיצען די מיטלען פאר דער פּראָדוקציע און אויסטויש פון סחורה, און קאָנטראָלירען די רעגירונג. עס איז דערפאר פארשטענדליך אַז אונזער הויפּט ארבייט דארף אַנגעווענדעט ווערען, איבערהויפּט, אויף ארויס צו רייסען פון די קאַפּיטאַליס־טען אַט די צוויַיענדיגע מאכט וועלכע זיי באַזיצען"*).

אין איינקלאַנג מיט די דאָזיגע פּרינציפּען זוכט די ס. ט. ל. אַ. צו אָרגאַניזירען די ארבייטער אין קלאַסען יוניאָנס, ניט אלס מיטגלידער פון אַ געוויסען פאַך, נאָר אלס טייל פון דעם גרויסען ארבייטער קלאַס. דורך איהר אינדוסטריעלער אָרגאַ־ניזאציאָנס פאָרם, ווערען ערשטענס אָפּגעשאַפט, די אינערליכע צושפּליטערטקייט פון דער ארבייטער באַוועגונג, עס ווערט שטאַרקער דער געפיל פון סאָלידאַריטעט צווישען די ארביי־טער, און דאָס אליין מאַכט שוין די ארבייטער מאַכט שטאַר־קער, אויסער דעם איז עס פשוט פּראַקטיש, „ביי דעם איצטיגען

*) J. Ebert: Trade Unionism in the U. S., p. 17.

צושטאנד פון דער אינדוסטריע" ווערט געזאגט אין א ליפלעט וועלכען זיי האבען פארעפענטליכט „ווען די פאד־פאנאנדער־טיילונג געהט אונטער, און מעכטיגע טראסטס ווערען געשאפען. מוז די ארבייטער באוועגונג זיך אזוי ארגאניזירען, אז זי זאל קענען ביישטעהן די נייע פארמען, די פראדוקציע איז געווארען אינדוסטריעל — דארף אויך אזוי די יוניאן זיין." עס איז זעלבסטפארשטענדליך אז זיי האבען זיך אינגאנצען אנטזאגט פון דער רעאקציאנערער טאקטיק פון דער א. פ. און ל. פון די הויכע אייגטריט־געלט, פון פארמאכען די יוניאנס, און פון איהר שתדלנות פאליטיק. די ס. ט. ל. א. האט געזוכט צו ארגאניזי־רען אלע ארבייטער, געלערנטע אזוי גוט ווי ניט געלערנטע. אין איין מעכטיגער קלאסען ארגאניזאציע, צו קעמפען פאר'ן סאציאליסטישען ענדציל, און גלייכצייטיג, כל זמן דער קאפי־טאליזם עקזיסטירט, ארויס צו רייסען, דורך דער מאכט פון אונזער עקאנאמישער ארגאניזאציע, אזוי פיל מאמענטאלע פארבעסערונגען, פאר דעם ארבייטער קלאס, ווי די אומשטענ־דען וועלען דאס נאר ערלויבען*).

די ס. ט. ל. א. איז געווען אויסגעשפראכען פאר פאליטי־שער אקציע, אין איהר פרינציפען דערקלערונג ווערט דאס שטארק באטאנט, דארט ווערט געזאגט: „היות ווי די עקאנאמישע מאכט פון קאפיטאליסטישען קלאס, וועלכע ווערט באנוצט צו אונטערדריקען דעם ארבייטער קלאס, איז באזירט אויף אינסטי־טוציעס, וואס זיינען בעצם פאליטישע, און וועלכע קענען ניט לויט זייער אינערליכער נאטור, ראדיקאל געענדערט ווערען. אדער אפילו וויפיל עס איז אויסגעבעסערט ווערען פאר דעם בענעפיט פון די ארבייטער, סיידען דורך דער דירעקטער אק־

*) Justus Ebert: Trade Unionism in the U. S.

ציע פון ארבייטער קלאַס זעלבסט, וועלכער זאָל זיין פּאָליטיש און עקאָנאָמיש פאראייניגט אלס א קלאַס ;

„דערפאר, רופען מיר דאַ צו די ארבייטער, אלס א קלאַס, באוואוסטזיניג וועגען זיין כח, וויסענדיג וועגען זיינע רעכט, אנטשלאָסען זיך קעגענשטעלען שלעכטס אויף יעדען טריט, און וועלכער שווערט צו דערגרייכען זיין אייגענע עמאַנציפּאציע, זיך צו פאראייניגען אין איין סאָלידע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל צוזאמענגעהאלטען ווערען פון אן אומבאזיגבארען גייסט פון אחדות, אין דער איצטיגער שווערער צייט"...

די פּאָליטישע אקציע, וועלכע איז אַן און פאר זיך א ווירקזאמער מיטעל אין קלאסען קאמף, איז אָבער פאר דער ס. ט. ענד ל. א. געווען א שטיין אין וועג. איהר פּאָליטישע פּראָגראם האָט פּשוט געמיינט שטיצען דער ס. ל. פּ. און גלייך נאך איהר גרינדונג איז קלאָר געוואָרען אז די נייע־געגרינדעטע ארגאַניזאציע ווערט פּשוט א טייל פון דער ס. ל. פּ. און איז בארייט צו מקריב זיין איהר עקאָנאָמישע פּראָגראם, פאר דער ס. ל. פּ׳ס פּאָליטישען ערפאָלג. דאס פארשטעהט זיך האָט איהר געשטערט צו וואקסען, פיל ארבייטער האָבען דארט פאר זיך קיין פּלאַץ ניט געקענט געפינען, און פיל זיינען פון דארט פארטריבען געוואָרען.

אין אָנפאַנג האָט דאס אויסגעזעהן אז די ס. ט. ל. א. וועט האָבען ערפאָלג. פאר די ערשטע פּאָר יאָהר האָט זי ארויס־געגעבען איבער צוויי הונדערט טשארטערס, צווישען די ארגאַ־ניזאציעס וועלכע האָבען זיך אָן איהר אָנגעשלאָסען זיינען גע־ווען אזוינע ווי די סענטראל לייבאָר פעדערײשאן פון ניו־יאָרק מיט זיבען און צוואנציג יוניאָנס, די פאראייניגטע אידישע גע־ווערקשאַפטען פון ניו־יאָרק מיט פינף און צוואנציג יוניאָנס, די סאָשעליסט לייבאָר פעדערײשאן פון ברוקלין מיט צוועלף יוניאָנס, די סאָשעליסט לייבאָר פעדערײשאן פון ניו־יאָרק מיט

זיבען יוניאָנס, די שיקאגא סענטראל ארגאניזיישאן מיט אכט יוניאָנס, און פילע איינצעלנע לאָקאלען אין ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי, מאַסאַטשוזעטס, רהאוד־איילאַנד, פענסילווייניע, אהייאָ און אנדערע שטעט.*) עס איז אבער זעהר שנעל קלאָר געוואָרען אַז די ס. ט. ל. א. האָט פאַר זיך קיין צוקונפט ניט. אויסער דעם וואָס איהר ארגאניזאציאָנס פאָרם, וועלכע איז נאָך באמת ניט געווען קיין אינדוסטריעלע, נאָר עפּעס א געמישעכץ פון ביידע, פון פאַך און אינדוסטריעלען יוניאָניזם, אויסער דעם וואָס זי איז געוואָרען א פּשוט׳ע „אונטערשטיצונגס ארגאַניזאַציע" פאַר דער ס. ל. פּ. האָט זי געהאט בייצוקומען אזא שטאַרקע געגנערשאַפט קענען זיך, מצד דער נאָך דעמאָלט קוים לעבעדיגער, נייטס און לייבאָר, און דער אמעריקען פעדערייישאן און לייבאָר, און דערוואַרטען אַז זי זאָל קענען ארויס די זיגעריין איז פשוט געווען אוממעגליך.

די ס. ט. ל. א. וואָלט אפשר געקאָנט לעבען און לאַנגזאַם זיך אנטוויקלען, אלס סאָציאַליסטישע אינדוסטריעלע ארגאַניזאציע, ווען אלע סאָציאַליסטען זאָלען אמוועניגסטענס געווען זיין איינויג און איהר שטיצען. געווען איז אָבער גאַנץ אַנדערש. טאַקי צווישען די סאָציאַליסטען גופא האָט די ס. ט. ל. א. געפונען איהרע שטאַרקסטע געגנער און ביטערסטע באַקעמפער. די גרינדונג פון דער ס. ט. ל. א. האָט אין דער ס. ל. פּ. גופא געפיהרט צו א שפּאַלטונג, וואָס האָט ניט נאָר אפּגעשוואַכט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, נאָר פּשוט אוממעגליך געמאַכט די אנטוויקלונג און עקזיסטענץ פון דער ס. ט. ל. א. שוין צו איהר דריטער קאָנווענשאָן (באַפאַלאָ, 1898) איז איהר מעהר ניט פאַרבליבען ווי 114 יוניאָנס פון וועלכע בלויז 54 האָבען געצאָהלט אָרגאַניזאַציאָנס שטייער (דיוס). נאָך דער באַפאַלער

*) M. Hilquit, Socialism in the U. S., pp. 301-303.

קאָנווענשאָן האָט זיך פון איהר אויך אָפּגעריסען די סענטראַל פעדערייטעד יוניאָן פון ניו־יאָרק, איהר שטאַרקסטע אָרגאַני־זאַציע. דאָס האָט פאַקטיש געמאַכט אַ ענדע צו איהר עק־זיסטענץ, הגם אויפ'ן פּאַפּיר האָט זי נאָך עקזיסטירט ביז 1905 ווען זי איז אַלס קערפּערשאַפט אריינגעטראָטען אין דער דע־מאָלט געגרינדעטער „אינדוסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד".

## די שפאלטונג אין דער ס. ל. פּ.

— נאָך פיל פריהער איידער די ס. ט. ל. א. איז אָרגאַני־זירט געוואָרען האָט אין דער ס. ל. פּ. זיך אָנגעהויבען א גרויסע אומצופרידענהייט מיט דער פּארטיי לייטונג אזוי גוט ווי מיט די פּארטיי פּרינציפּען. די ס. ל. פּ. איז דעמאָלט געווען פּונקט ווי זי איז עס נאָך פארבליבען ביז היינטיגען טאָג, א קאָמפּראָמיסלאָזע רעוואָלוציאָנערע פּארטיי. די פיהרער פון דער פּארטיי, מיט דע־ליאָנען בראש, זיינען געווען ארטאָדאָקסאלע מארקסיסטען, און זיי האָבען געפאָדערט אז אויך אלע מיטגלידער זאָלען אזוי זיין. איינצעלנע מיטגלידער אזוי גוט ווי גאַנצע סעקציעס, זיינען אָפט אויסגעשלאָסען געוואָרען בלויז דערפאר ווייל זיי האָבען אנדערש אויסגעטייטשט א וועלכען עס איז פּסוק פון מארקס׳ען.

די אומצופרידענע האָבען געטענ׳עט אז דע־ליאָן איז געוואָרען דער „באָס“ פון דער פּארטיי — אז די פּארטיי פּרעסע ערלויבט ניט קיין מיינונגס פארשיידענהייטען און אזוי ווייטער. אין די אלע ארגומענטען איז אָהן ספק פאראַן פיל אמת, די ס. ל. פּ. צו יענער צייט האָט זיך אויפגעפיהרט פיל מעהר ווי עפּעס א רעליגיעזע סעקטע איידער א סאָציאַליסטישע פּארטיי. דער אמת אבער איז אז ווען עס זאָל זיך געווען האַנדלען בלויז וועגען דע־ליאָנס באָסיזם וואָלט צו קיין שפּאלטונג אין דער פּארטיי ניט געקומען, הינטער׳ן קאַמף קעגען דע־ליאָנס באָסיזם, איז געווען באהאַלטען דער וויכטיגסטער קאַמף קעגען דע־ליאָנס טעאָריע.

די ערפאַרונג, וואָס דע־ליאָן און זיינע נאָכפאָלגער האָבן געהאַט אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג, די נויטיגקייט תמיד צו פּאָלעמיזירען סיי מיט פריינט, און סיי מיט געגנער. האָט דע־ליאָנ'ען געצוואונגען, זיך טיפער און ערנסטער פאַרטראַכטען וועגען דעם שיכות צווישען דער סאָציאַליסטישער און אינדוסטריעלער באַוועגונג. די רעזולטאַטען צו וועלכע ער איז געקומען זיינען געוועזען פאָלגענדע: אין דעם אַלטעגליכען קלאַסען קאַמף מוזען די צוויי באַוועגונגען געהן האַנט אין האַנט, אויב זיי ווילען זיין ערפאָלגרייך. די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבייטער און די פּאָליטיש סאָציאַליסטישע דאָס זיינען די צוויי הענט פון דער אַרבייטער באַוועגונג.ביידע זיינען פונקט אַזוי נויטיג, ביידע פונקט אַזוי ווירקזאַם, ווען זיי געהען צוזאַמען. זיי פאַרלירען אָבער זייער גאַנצע באַדייטונג ווען יעדער איינע געהט זיך אין איהר באַזונדערען וועג.

אָבער נאָך וויכטיגער איז די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבייטער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער פּאָליטיש־פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף, ווי ערפאָלגרייך ער זאָל ניט זיין, קען דעם סאָציאַליזם ניט פאַרווירקליכען. אין אַ שטאַרקער, קלאַסען באַוואוסטער אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע איז דער סאָציאַליזם בלויז אַ שעהנער חלום. די אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע פון די אַרבייטער, וועט ניט נאָר דורך איהר מאַכט צווינגען אַז די פּאָליטישע ערפאָלגען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זאָלען ווירקליך דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען, נאָר זי וועט מאַקי אויך דאַרפען זיין די אָרגאַניזאַציע וואָס וועט דאַרפען איבערנעמען די פּראָדוקציע אין איהרע הענט און פאַרוואַנדלען איהר פון אַ פּריוואַטער — אין אַ סאָציאַליסטישער. „בויענדיג אַ קלאַסען באַוואוסטע אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע, בויען מיר שוין דעם בנין פון דער נייער געזעלשאַפט אין דער שאָלעכץ פון דער אַלטער."

וואלטען די אמעריקאנער ארבייטער צו יענער צייט נאך ניט געווען זיין ארגאניזירט, אדער אמווענינגסטענס שוואך ארגאניזירט, דאן וואלט זיך די ס. ל. פ. גענומען צו ארגאניזירען אזוינע עקאנאמישע ארגאניזאציעס, ווי זי דענקט עס זיינען נויטיג. אזוי ווי אבער די ארבייטער זיינען שוין געווען ארגא־ניזירט, און דוקא גוט ארגאניזירט, און גראד אין אזוינע עקא־נאמישע ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען אהן צווייפעל פיל מעהר א געפאר פאר דער סאציאליסטישער באוועגונג, איידער, ווען די ארבייטער זאלען אינגאנצען ניט זיין ארגאניזירט, און ווייל די ערפארונג האט דאך שוין די דאמאלסטדיגע סאציאליסטען געלערענט אז „בויערען פון אינוועניג" איז ארויסגעווארפענע ארבייט, פאלגליך איז פאר זיי פארבליבען איין וועג. ארגאני־זירען אייגענע, אפאזיציאנעלע יוניאנס, וואס זאלען אנפיהרען אן אפענעם קאמף קעגען די אלטע עקזיסטירענדע קאנסערוואַ־טיווע יוניאנס. די ס. ט. ל. א. האט געדארפט דינען צו דעם צוועק.

אין דער ס. ל. פ. איז שוין אבער צו יענער צייט געווען א גאנץ גרויסע צאל אפארטוניסטען, פאר וועמען א באלדיגער פאליטישער ערפאלג איז טייערער געווען ווי צעהן אין דער וויטער צוקונפט. דאס זיינען געווען די אזוי גערופענע „אומ־געדולדיגע" מענשען וואס האבען אויף דער וויטער צוקונפט ניט געוואלט ווארטען. זיי האבען געוואלט שוין גלייך זעהן די ס. ל. פ. אלס גרויסע מעכטיגע פארטיי, אלס פאליטישער פאק־טאר. דאס איז אבער ניט מעגליך געווען אונטער די אומשטענ־דען. די אמעריקאנער ארבייטער זיינען נאך ניט געווען דער־וואקסען צו אזא שטופע אז מען זאל זיי קענען צוציהען צו א פארטיי מיט אויסגעשפראכענע סאציאליסטישע און רעוואלו־ציאנערע פרינציפען. כדי די ס. ל. פ. זאל אין יענער צייט גע־ווען האבען א גרויסען ערפאלג וואלט זי געמוזט, ווי דאס האט

געטאָן שפּעטער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (ס. פּ.) זיך אָנט־זאָגנדיק פון זעהר פיל פון איהרע עיקרים, ווערען וואַסערדיג און קאָמפּראָמיסליך, אָפּטעמפּען איהר רעוואָלוציאָנערע פּראָזעלאָ־גיע און אָנהויבען נאָכגעהן נאָך די מאסען, אנשטאָט זיי פיהרען. דאָס האָבען דע־ליאָן און זיינע אָנהענגער בשום אופן ניט גע־וואָלט, זיי זיינען בעסער געווען וויליג צו האָבען אַ קליינע פּאַר־טיי פון עטליכע הונדערט מענשען, וואָס זאָל זיין אַ רעוואָלו־ציאָנער־סאָציאַליסטישע, איידער אַ גרויסע פּאַרטיי מיט טוי־זענטער מיטגלידער, וואָס זאָל זיין סאָציאַליסטיש בלויז אין נאָמען.

די אָרגאַניזירונג פון דער ס. ט. ל. א. איז דערפאַר געווען אַ וויכטיגע, אפשר די וויכטיגסטע ארבייט אין די אויגען פון דע־ליאָנען און זיינע אָנהענגער. אמת, זיי האָבען געוואוסט אז דאָס וועט פאַר אַ לאַנגער צייט מאַכען אוממעגליך פאַר זיי צו קריגען די „וואוטס" פון די אַלטע יוניאָנס זיי האָבען אָבער צוליב דעם זייער ארבייט ניט אָפּגעשטעלט. פאַר די אָפּאַרטו־ניסטען פאַרקערט איז די אָרגאַניזירונג פון דער ס. ט. ל. א. גע־ווען די שרעקליכסטע קאַטאַסטראָפע. דאָס מיינט זיך איינריי־סען מיט די עקזיסטירענדע יוניאָנס, ניט קריגען זייער שטימען, ניט האָבען קיין פּאָליטישען ערפאָלג — וואָס קען נאָך ערגער זיין!

אויף איהר קאָנווענשאָן אין 1896 האָט די ס. ל. פּ. אָפּי־ציעל אינדאָסירט דער ס. ט. ל. א. דאָס האָט נאָך מעהר פאַר־שטאַרקט די אומצופרידענהייט צווישען די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטען אין דער פּאַרטיי, וועלכע האָבען זיך צו יענער צייט ארומגעזאַמעלט ארום דער דייטשישער „פאָלקס־צייטונג." עס האָט זיך אָנגעהויבען פריהער אַ הייסע פּאָלעמיק צווישען די צוויי פראַקציעס, וועלכע איז אין קורצען פאַרוואַנדעלט געוואָ־רען אין אַ מיאוסער ניט אנשטענדיגער זידלעריי. די דע־ליאָ־

ניסטען האַבענדיג די מאַכט ביי זיך אין די הענט, האָבען זיך גענומען רייניגען די פּאַרטיי — איינצעלנע מיטגלידער און גאַנצע סעקציעס זיינען פון דער פּאַרטיי אַרויסגעוואָרפען געוואָרען. פון טאָג צו טאָג איז דער קאַמף געוואָרען שטאַרקער, העפטיגער און פאַרביטערטער, עס איז קלאָר געוואָרען פאַר אַלעמען אַז א שפּאַלטונג איז אומפאַרמיידליך.*)

די קאָנווענשאַן פון 1896, האָט איבערגעגעבען צו די ניו־יאָרקער סעקציעס דאָס רעכט צוריק רופען און דערוויילען א נאַציאָנאַלען סעקרעטאַר און א נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע. אָט די רעכט האָבען איצט די אינסורגענטען געזוכט אויסצונוצען. אין יולי 1899, ווערט אויף א מיטינג דערוויילט א נייע עקזעקוטיווע — וועלכע באַשטעהט מערסטענס פון אינסורגענטען, ווען די נייע עקזעקוטיווע איז געקומען צום ערשטען מיטינג, האָט מען זיי דערקלערט אַז עס איז נאָך דאַ א צווייפעל אויב זיי זיינען געזעצליך דערוויילט, און כדי ניט צו דערלאָזען צו ווייטערע דיסקוסיעס האָט דער פּאַרטרעטער פון דער אַלטער עקזעקוטיווע גלייך געשלאָסען דעם מיטינג.

דאָס האָט אַרויסגערופען דעם צאָרען ניט נאָר פון די אינסורגענטען, נאָר אויך פון אַסך לאָיאַלע מיטגלידער, וועלכע זיינען גלייך צוגעשטאַנען צו דער אָפּאָזיציע. אין א פּאָר טעג שפּעטער איז גערופען געוואָרען א צווייטער מיטינג. ביי דעם מיטינג האָט זיך די נייע עקזעקוטיווע דערקלערט פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער פּאַרטיי — האָט דערוויילט הענרי ל. סלאָבאַדין אַלס נאַציאָנאַלען סעקרעטאַר, און גלייך נאָכ'ן מיטינג, אַרום 12 אזייגער ביינאַכט, זיינען זיי אַוועק איבערנעמען דעם נאַציאָנאַלען אָפּיס. די לאָיאַלע מיטגלידער האָבען געוואוסט אַז די אינסורגענטען קלייבען זיך קומען ביי־

*) דר. י. א. הורוויץ: שטרייט פראַגען פון סאָציאַליזם. באַנד 4, צווייטער טייל, ז. 35—130.

נאכט איבערנעמען דעם אָפּיס, זיינען זיי הערפאר געזעסען אין אָפּיס און געוואַרט אויף די געסט, ווען יענע זיינען געקומען, האָט אויסגעבראָכען צווישען די צוויי פראקציעס אַ בלוטיגער געשלעג. עס איז געקומען אזוי ווייט אז די פּאָליציי האָט זיך געמוזט אריינמישען און פארטרייבען די אינסורגענטען.

דערוויילּ זיינען געוואָרען צוויי פּאַרטייען. יעדע איינע האָט זיך גערופען, די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) אין הערבסט האָבען ביידע, צו די אַלגעמיינע וואַלען ארויסגעשטעלט קאַנדידאטען אונטער׳ן זעלבען נאָמען. ביידע האָבען ארויסגעגעבען ענגלישע צייטונגען מיט׳ן זעלבען נאָמען „דהי פּיפּעל“. די זאַך איז ענדליך געבראַכט געוואָרען אין גע־ריכט, און דאָס געריכט האָט אנטשיידען אז דער נאָמען ס. ל. פּ. אזוי גוט ווי דאָס אַלעס וואָס איז דער אייגענטום פון דער ס. ל. פּ. דעם נאָמען פון דער צייטונג אריינגערעכענט, געהערט צו די דעליאָניסטען.

קירצליך האָבען די אינסורגענטען אָפּגעהאַלטען אַ קאַנ־ווענשאָן אין ראָטשעסטער נ. י. וואו זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער פּאַרטיי. ביי דער קאַנוועגשאָן האָבען זיי זיך גלייך אנטזאָגט פון דער ס. ט. ל. א. און אָפען דערקלערט זייער סימפּאַטיע צו די עקזיסטירענדע קאָנסערוואַטיווע יוניאָנס. ביי דער זעלבער קאָנווענשאָן איז אויך דערוויילט געוואָרען אַ קאָמיסיע פון 9 וועלכע זאָלען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט דעבס׳ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי וועגען אַ פאַראייני־גונג.

## די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון אמעריקע, וועלכע איז אין אָנפאנג געווען באקאנט אלס דעבס׳ ס. ד. פּארטיי, איז געגרינדעט געווארען דעם 18טען יוני 1897 אויף א קאָנווענשאָן פון דער „אמעריקען רעיילוויי יוניאָן" פון וועלכער יודזשין וויקטאר דעבס איז געווען דער גרינדער און פיהרער.

יודזשין וו. דעבס, וועלכער איז איצט איינער פון די וויכטיגסטע און באַליבטסטע פיהרער פון דער אמעריקאנער סאָציאַליסטישער באוועגונג איז געבוירען געווארען דעם 5טען נאָוועמבער 1855 אין טער־האוט אינדיאַנא. צו פינף יאָהר האָט ער שוין אָנגעהויבען ארבייטען און פארדינען אויף זיין אייגענעם לעבען. ארבייטענדיג אלס „א לאָקאָמאָטיוו פייער־מאַן" פאר דער טער־האוט און אינדיאנאפּאָלים רעיילוויי סיסטעם. אויף א קורצער צייט האָט ער שפּעטער זיין ארבייט אויפגעגעבען און געארבייט פאר א געוויסער „גראָסערי קאָמפּאַניע" אין טער־האוט. אין 1879 איז ער דערוויילט געווארען פאר סיטי קלוירק, און ער וואָלט זיך געקענט מאכען פאר זיך א פיינע פּאָליטישע קאריערע ווען איהם זאָל ניט געווען ציהען צוריק צו זיינע רייל־ראָוד ארבייטער. ער הויבט אין קורצען אָן צוריק ארבייטען פאר די אינטערעסען פון די רעייל־ראָוד ארבייטער, פארנעמט פריהער דעם פּלאַץ אלס געהילפס־רעדאקטאר און נאכער אלס רעדאקטאר פון זייער זשורנאַל, און איז אויך פאר א צייט דער גענעראַל סעקרעטאר פון דער אָרגאַניזאציע—צוזאמען מיט

אנדערע אָרגאַניזירטע איינציגווייז די פאַרשיידענע פאַכען פון די אייזענבאַן אַרבייטער, און אין יוני 1893 אָרגאַניזירטען זיי די „אַמעריקען רעיילוויי יוניאָן.“

הגם די אַמעריקען רעיילוויי יוניאָן האָט אַ און פאַר זיך ניט געשפּילט קיין גוואַלדיג־גרויסע ראָליע אין דער אַרבייטער באַוועגונג, וועט זי אויף אימער פאַרבלייבען אין דער געשיכטע, שוין דערפאַר אַליין, וואָס דורך ערפאַרונגען וועלכע דעבס האָט אין איהר און דורך איהר דורכגעמאַכט, איז ער געקומען צום סאָציאַליזם.

אין דער ערשטער צייט איז די אַרבייט פון דער אַ. ר. י. געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. אין אַפּריל 1894 האָבען זיי כמעט אָהן אַ קאַמף געהאַט אַ זיג איבער דער „גרייטער נאָרטהערען רעיילוויי.“ די אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסען און איז שטאַרקער געוואָרען, און עס האָט זיך געדאַכט אַז זי וועט באַלד ווערען איינע פון די שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע צווישען די אַמעריקאַנער יוניאָנס. די אייזענבאַן מאַגנאַטען האָבען דאָס אָבער אויך פאַרשטאַנען, און זיינען געווען אַנטשלאָסען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אויפצונעמען מיט דער יוניאָן אַ קאַמף, כדי איהר צו פאַרניכטען.

אַזאַ געלעגענהייט האָבען זיי געקריגען אין דעם פּולמאַן סטרייק פון 1895. דער פּולמאַן סטרייק איז ארויסגערופען און אָנגעפיהרט געוואָרען פון דער אַ. ר. יו. פון וועלכער דעבס איז געווען דער פיהרער. דער סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען, אָבער ניט דערפאַר ווייל די אַרבייטער זיינען געווען שוואַך אָרגאַניזירט אדער, ניט גענוג קאַמפס לוסטיג, נאָר דערפאַר וואָס די אייזענבאַן־מאַגנאַטען האָבען זיך אין דעם סטרייק באַנוצט מיט דער מאַכט פון דער פעדעראַלער רעגירונג, קעגען וועלכער די אַרבייטער זיינען געווען צו שוואַך צו קעמפען. דעבס איז אָנגעקלאַגט געוואָרען פאַר קאָנספּיראַציע און אַנדערע פאַרברע־

בענס, אייניגע מאל איז ער ארעסטירט געווארען, און צולעצט איז ער אפגעזעסען זעקס מאנאטען אין תפיסה פאר „קאנ־טעמפט אוו קאורט“ (אומאכטונג צום געריכט).

דער סטרייק, די אונטערדריקונג פון סטריק מצד דער רע־גירונג האט דעבס'ן געלערנט צו באטראכטען די ארבייטער פראגע פון א נייעם שטאנדפונקט. דער פולמאן סטרייק האט פאר דעבס'ן א נ ט ד ע ק ט דעם קלאסען־קאמף. אויסער דעם האט דעבס צייט געהאט, זיצענדיג אין תפיסה צו באקענען זיך נעהענטער מיט דער סאציאליסטישער ליטעראטור. וויק־טאר בערגער, האט איהם געבראכט די ווערק פון מארקס'ען, וועלכע ער האט זייענדיג אין תפיסה פלייסיג שטודירט.*)

ביז יענער צייט איז דעבס געווען אן ארבייטער פיהרער, אמת מעהר איבערגעגעבען און עהרליך ווי אנדערע, אבער מעהר ניט ווי אן ארבייטער פיהרער, מיט קיין פאליטיק האט ער זיך אין זיין יוניאן נים באשעפטיגט, איצט אבער ווען ער האט גע־לערנט זיין לעקציע אין קלאסען־קאמף האט ער זיך אין יאנואר 1897 אפען דערקלערט פאר א סאציאליסט.

אריינטרעטען אין דער דעמאלט עקזיסטירענדער סאציא־ליסטישער פארטיי האט אבער דעבס ניט געקענט. זיין סאציא־ליזם איז געווען א גאנץ אנדערער, הגם ער איז שוין געווען בא־קאנט מיט די ארבייטען און געדאנקען פון מארקס'ען, איז ער אבער בעצם נאך אלץ פארבליבען אן אוטאפיסט. פונקט ווי די אוטאפיסטישע סאציאליסטען פון אמאל האט דעבס גע־גלויבט אז מען קען איינפיהרען דעם סאציאליזם דורך „געוויסע פראקטישע סקימס“. ער האט אנגעהויבען מאכען פלענער צו שאפען סאציאליסטישע קאלאניעס, און דורך זיי אין דער פראק־טיק איבערצייגען די גוטסקייט און יושר פון סאציאליזם. אויך

*) Debs: His Life, Writtings and Speeches, pp. 3-76.

האָט דעבס דעמאָלט נאָך ניט פאַרשטאַנען אַז דער סאָציאַליזם קען איינגעפיהרט ווערען בלויז פון איין מאַכט, און דאָס איז פון דעם פּראָלעטאַריאַט דורך זיין קלאַסען־קאַמף. פּונקט ווי אַלע אוטאָפּיסטען האָט זיך דעבס געווענדעט צו אַלע „גוטע מענשען" מיט זיינע פּלענער. אַזוי צ.ב.ש. האָט ער גלייך נאָך דעם ווי עס איז געגרינדעט געוואָרען זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי זיך געווענדעט מיט אַ בריף צום באַקאַנטען מיליאָנער, ראָקפעלער, וואו ער דערציילט איהם וועגען דער אָרגאַניזירונג פון דער נייער פּאַרטיי, וועמעס אויפגאַבע עס וועט זיין „באַפרייען די אונטערדריקטע און ליידענדע פון אונזער לאַנד... אויפצושטעלען אַנשטאַט דעם היינטיגען גרויזאַמען, אוממאָראַלישען און פאַרניכטענדען סיסטעם — די קאָאָפּעראַטיווע קאָמאַנוועלט (געזעלשאַפט)" זיין בריף פאַרענדיגט דעבס מיט די פאָלגענדע ווערטער. „גלויבענדיג דאָס איהר וועט געפינען אין איינקלאַנג מיט אייער אייגענעם געפיהל פון געזעלשאַפטליכער און פּאַטריאָטישער פליכט צו גרייכען אונז די האַנט אין אונזער באַפרייאונגס אויפגאַבע, פאַרבלייב איך אייער, זעהר אויפריכטיג, י. וו. דעבס."*)

עס איז דערפון קלאָר אַז דעבס און זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך ניט געקענט אָנשליסען אַן דער ס. ל. פּ. וועלכע איז געוועזען דעמאָלט, פּונקט ווי זי איז דאָס נאָך ביז איצט, אַן אויסגעהאַלטענע קאָמפּראָמיסלאָזע מאַרקססיטישע פּאַרטיי. דאָס האָט געצוואונגען דעבס'ן צו אָרגאַניזירען זיין אייגענע פּאַרטיי.

די אָפּגעשטאַנענע טייל פון דער ס. ל. פּ. האָט געפיהלט אַז אַליין קענען זיי גאָר ניט אויפטאָן, קאָנקורירען אויף ווייטער מיט דער ס. ל. פּ. איז אויך קיין פּלאַן ניט, דער איינציגער, אויסוועג פאַר זיי איז געווען אַריינטרעטען אין דער דעבסיס־

*) דר. י. אַ. הורוויץ: געזאַמעלטע שריפטען, ד. צ. ז., 102.

טישער ס. ד. פּארטיי. נאָך פילע אונטערהאנדלונגען, און קאָנ־
פערענצען, וועלכע האָבען געפיהרט צו שפּאלטונגען אין דער
ס. ד. פּ. האָבען זיי זיך פּאַרט פּאראייניגט, אויף א קאָנווענשאָן
וואָס איז אָפּגעהאלטען געווארען אין אינדיאנאפּאָלים אין יוני
1900. אלס דער נאָמען פאר דער נייער פּאראייניגטער פּארטיי
איז אָנגענומען געווארען „דהי סאָשעליסט פּארטי אוו נאָרט
אמעריקע.“ (ס. פּ.) אונטער דעם נאָמען עקזיסטירט נאָך די
פּארטיי ביז איצט.

# די אָרגאַניזירונג פון די אינדוסטריעל וואָרקערס
# אָוו דהי וואָרלד.

## 1

די עלעמענטען וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, זיינען געווען פאַרשיידענאַרטיגע. צווישען זיי זיינען געווען אומאָפּיסטען פון די פאַרשיידענסטע סאָרטען, סינגעל טעקסער, סאָציאַלע רעפאָרמער, און א. ז. וו. ווען די פּאַרטיי האָט זיך פאַראייניגט מיט דער אָפּגעשפּאָל־טענער טייל פון דער ס. ל. פּ. און אָרגאַניזירט די איצטיגע ס. פּ. זיינען פיל פון אָט די פאַרשיידענאַרטיגע עלעמענטען אריבערגע־גאַנגען אין דער נייער פּאַרטיי. גלייך אין אָנפאַנג איז שוין קאָנטיג געווען אז די ס. פּ. איז ניט קיין איינהייטליכע פּאַרטיי, נאָר א צוזאַמענמישונג פון פאַרשיידענע ריכטונגען. שוין גלייך נאָך איהר גרינדונג האָבען זיך די פאַרשיידענע ריכטונגען אָנ־געהויבען גרופּירען באַזונדער, און עס האָט זיך אָנגעהויבען. אמאָל א שטילער, און אָפט אן אָפענער קאַמף צווישען די פאַר־שיידענע ריכטונגען. א קאַמף וואָס האָט סוף כל סוף געפיהרט צו א שפּאַלטונג (אין יאָהר 1919.)

די מערהייט פון דער ס. פּ. האָבען אלס זייער הויפּט־ציל פאַר זיך געשטעלט דעם פּראַקטישען ערפאָלג פון דער פּאַרטיי. פּראַקטישער ערפאָלג האָט ביי זיי געמיינט פּאָליטישער, אדער ריכטיגער פּאַרלאַמענטאַרישער ערפאָלג. כדי אָבער צו האָבען א פּאָליטישען ערפאָלג, מוז מען קריגען די אונטערשטיצונג פון

די ברייטע מאַסען בירגער, היות אַבער ווי די „ברייטע מאַסען" זיינען נאָך דערוויילֿ גאַנץ קאָנסערוואַטיוו און וועלען ניט שטי־מען פאַר א רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי און האָבען בכלל נאָך מורא פאַר'ן וואָרט סאָציאַליזם, האָט מען זיך גענומען צופּאַסען צו זיי. ביסלאַכווייז האָט די פּראָפּאַגאַנדע פון דער ס. פּ. אָנגע־נומען אלס א מעהר מעסיגען און אָפּאָרטוניסטישען כאַראַקטער. די רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג פון סאָציאַליזם איז פאַרשוויגען געוואָרען, פאַרקערט, מען האָט אָנגעהויבען רעדען וועגען „אריינ־וואַקסען" דעם סאָציאַליזם און „ארויס וואַקסען" דעם קאַפּיטאַ־ליזם. דאָס וואָרט סאָציאַלע רעוואָלוציע איז אויסגעמעקט גע־וואָרען פון זייער לעקסיקאָן. פון יאָהר צו יאָהר איז די ס. פּ. געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר א סאָציאַל־רעפאָרמישע פּאַרטיי און אַלץ וויינציגער סאָציאַליסטישע. ניט קוקענדיג אויף דעם אָבער, איז דער ערפאָלג פון דער ס. פּ. געווען ניט זעהר גרויס. די שטימען וועלכע ווערען אָפּגעגעבען פאַר איהרע קאַנדידאַטען זיינען מערסטענס קליינבירגערליכע פּראָטעסט שטימען, אָבער בשום אופן ניט קיין סאָציאַליסטישע.

די שטעלונג וואָס די ס. פּ. האָט גענומען בנוגע דער טרייד־יוניאָן פראַגע איז פאַרשטעהט זיך געווען אין איינקלאַנג מיט איהר „יאָגען זיך נאָך ערפאָלג." די ס. פּ. האָט אַלע מאָל אָנער־קענט אז פאַר דעם ערפאָלג פון סאָציאַליזם איז דורכאויס נויטיג אז די ארבייטער זאָלען זיין ארגאַניזירט אין אינדוסטריעלע קלאַ־סען־באַוואוסטזיניגע אָרגאַניזאַציעס. אויך האָבען זיי געוואוסט אז די אמעריקען פעדערייישאַן אוו לייבאָר קען ניט נאָר, ניט דינען אַלס מיטעל צו דערגרייכען דעם סאָציאַליזם, נאָר זי איז פּשוט א שטיין אויפ'ן וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. וואָס־זשע האָט זי געזאָלט טאָן? דער לאָגישסטער וועג וואָלט פאַרשטעהט זיך, געווען זיין, אָנהויבען א קאַמף קעגען דער א. פּ. אוו ל. — אָבער דאָס וואָלט זיכער געווען א גרויסע שטערונג

פאַר דעם פּאָליטישען ערפאָלג וועלכען די ס. פּ. האָט געזוכט מעהר ווי אַלץ. אין דער א. פ. אוו ל. זיינען דא טויזענטער בירגער, וועלכע וועלען בשום אופן ניט וועלען שטימען פאַר די סאָציאַליסטישע קאנדידאַטען, אויב יענע וועלען אַנפיהרען אַ קאַמף קעגען דער א. פ. אוו ל., די ס. פּ. האָט אַלזאָ געמוזט פאַר זיך זוכען עפּעס א מיטעל־וועג. אַזאַ סאָרט טאַקטיק וואו זי זאָל קענען אַנפיהרען איהר פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם סאָציאַ־ליסטישען יוניאַניזם און גלייכצייטיג לעבען בשלום מיט דער א. פ. אוו ל. אַט די טאַקטיק האָבען זיי געפונען אין זייער מע־טאָדע פון „בויערען פון אינוועניג.“

וואָס האָט דער „בויערען פון אינוועניג“ געמיינט? די ס. פּ. האָט זיך געשטעלט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט אז עס איז מעגליך אריין אין דער א. פ. אוו ל. און דאָרטען אגיטירען פאַר נייע פאָרמען פון עקאָנאָמישען קאמף, עס פאַרשטעהט זיך אז ווען עס וועט זיך נאָר איינגעבען זיי צו דערווייזען די פאַלשקייט און שעדליכקייט פון די אַלטע קאַמפּס מעטאָדען און דעם אמת און נוצליכקייט פון די נייע, פאַר די מיטגלידער פון דער א. פ. אוו ל. וועלען די לעצטע שוין זעהן אז די א. פ. אוו ל. אַלס גאַנצע זאָל איבערגעאַנדערשט ווערען, אַנשטאָט זיך קריגען מיט דער א. פ. אוו ל. און דורך דעם פאַרלירען זייערע שטימען, האָט די ס. פּ. אויסגעקליבען דעם לייכטערען וועג, בעסער אריין אין דער א. פּ. אוו ל. דאָרט ארבייטען און אגיטירען פאַר׳ן סאָציאַליזם. גע־ווינען קען מען דערפון צוויי זאכען מיט אמאָל, ערשטענס וועט מען ניט פאַרלירען, אפשר נאָך אפילו פאַרמערען די שטי־מען פון די א. פ. אוו ל. מיטגלידער און צווייטענס, וועט מען מיט דער צייט דער א. פ. אוו ל. פאַרוואַנדלען אין אַן אינדוסט־ריעלע סאָציאַליסטישע יוניאָן.

יאָהר נאָך יאָהר האָט די ס. פּ. דיזעלבע שטעלונגען גענו־מען צום טרייד יוניאַניזם, יאָהר נאָך יאָהר האָט מען געבויערט

פון אינווענינ. ביי יעדער קאָנווענשאָן פלעגט מען אריינטראַ־
גען א סאָציאליסטישע רעזאָלוציע וועלכע פלעגט דורכפאלען.
נאָך יעדער דורכפאל האט מען זיך געטרייסט אז קומענדען יאהר
„זיינען מיר זיכער מיט א זיג", אָבער אָט דער ערוואַרטעטער זיג
איז קיינמאָל ניט געקומען. פארקערט די א. פ. אוו ל. איז גע־
וואָרען רעאַקציאָנערער פון טאָג צו טאָג און האט אלץ מעהר
אָנגעהויבען ווערען א שטערונג, ניט נאָר אויפ'ן וועג פון דער
סאָציאלער רעוואָלוציע, נאָר אויך פאר'ן אלטעגליכען קלאסען־
קאמף. אלץ וואָס די ס. פּ. האט מיט איהר בויערען פון אינ־
ווענינ דערגרייכט איז געווען, אז מאָנכע פון איהרע מיטגלידער
זיינען געוואָרען אנגעזעהענע טוער און גוט באַצאָלטע באאמטע
אין דער א. פ. אוו ל. און האבען אנגעהויבען אויסנוצען דער
ס. פּ. פאר זייערע יוניאָנס אנשטאָט וואָס עס האט געדאַרפט
זיין פארקערט.

מען קען זאָגען אז די ס. פּ. איז מעהר באאיינפלוסט גע־
וואָרען פון דער א. פ. אוו ל. ווי די א. פ. אוו ל. פון דער ס .פּ.
טרייסטענדיג זיך מיט דער האָפנונג אז אָט באלד וועט זיך זיי
איינגעבען צו „אריינ'גנב'ענען" דעם סאָציאליסטישען גייסט אין
דער א. פ. אוו ל. האט מען דערוויי ל געמוזט אָננעמען מיטלען
אז די א. פ. אָוו ל. זאָל זיך חלילה ניט דערשרעקען פאר דער
אנקומענדער געפאר, מען האט געמוזט קריגען דעם צוטרויען פון
דער א. פ. אוו ל. און אלס רעזולטאַט דערפון האט די ס. פּ.
כמעט ווי אויפגעגעבען (ביז דער לעצטער צייט) איהר קריטיק
פון דער א. פ. אוו ל. האט פארשוויגען אלע מעשית תעתועים
וואָס די א. פ. אוו ל. האט אָפּגעטאָן, האט צוגעקוקט ווי די א.
פּ. אוו ל. פארפיהרט א גרויסען טייל פון דעם אמעריקאנעם פּראָ־
לעטאַריאַט אין א רעאַקציאָנערער בלאָטע און געשוויגען.

די ס. פּ. ווי שוין געזאָגט איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאר־
שיידענאַרטיגע עלעמענטען, פון זינט זי איז אָרגאַניזירט געוואָ־

רעז, איז זי שטענדיג געווען צוטיילט אין צוויי אדער דריי לאַ־
גערען, שטענדיג האָט אין דער ס. פּ. עקזיסטירט, אמאָל א גרע־
סערע און אמאָל א קלענערע פראקציע פון רעוואָלוציאָנערע
אויסגעהאַלטענע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען גוט געזעהן אויף
וואָס פאר א געפערליכען און ניט סאָציאַליסטישען וועג די ס. פּ.
געהט אוועק, און געפּרואווט, בויערען אין דער ס. פּ. גופא, צו
מאַכען איהר פאר אן אמת רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער
פּארטיי. אָט די רעוואָלוציאָנערע מינאָריטעט האָט גוט פאר־
שטאַנען אז דאָס בויערען פון אינעווייניג איז אן ארויסגעוואָרפענע
ארבייט, אז עס מוז אָרגאַניזירט ווערען א נייע אינדוסטריעלע
אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל לכתחילה געבויט ווערען אויף רע־
וואָלוציאָנערע יסודות.

פון דער צווייטער זייט איז געווען די ס. ל. פּ. פון נאָך
דער לעצטער שפּאַלטונג אָן האָט די ס. ל. פּ. אָנגעהויבען געהן
בארג אראָפּ. די פּארטיי איז געוואָרען קלענער און קלענער און
איהר געזעלשאפטליכע ראָליע איז געוואָרען גאָר אומבאַדייטענד.
די ס. ט. ל. א. וועלכע זי האָט געגרינדעט איז געווען א דורכפאַל,
און דאָס האָט זיך אויף דער פּארטיי זעהר שלעכט אָפּגערופען.
איהרע מיטגלידער האָבען איהר מאַסענווייז פאַרלאָזען, דאָס
האָט אָבער ניט געקענט צווינגען די איבערגעבליבענע אז זיי
זאָלען אָפּטרעטען פון זייער רעוואָלוציאָנערען אומקאָמפּראָמיס־
ליכען וועג. זיי האָבען געוואוסט אז זיי זיינען די גערעכטע, און
געוואַרט אויף זייער צייט. די ס. ל. פּ. מיט זייער באַנאַבטען
פיהרער דע־ליאָן בראש, האָבען ניט אויפגעהערט טאָג איין,
און טאָג אויס, שארף צו קריטיקירען דער אפּאָרטוניסטישער
ס. פּ. און אָנצייגען אז „אויב די ארבייטער זאָלען ניט ארגאַ־
ניזירט ווערען אין א קלאַסען־באַוואוסטער רעוואָלוציאָנערער
קערפּערשאַפט אויף דעם אינדוסטריעלען פעלד, וועט דער סאָ־
ציאַליזם פארבלייבען בלויז א גוטער וואונש" (דע־ליאָן). נאָכא־

נאנד האָבען זיי גערופען צו אַלע סאָציאַליסטען זיך נעמען פאר דער וויכטיגער ארבייט פון שאפען א „קלאסען באוואוסטע רעוואָלוציאָנערע קערפערשאפט אויף דעם אינדוסטריעלען פעלד."

אויסער דעם זיינען געווען פיל יוניאָנס, סיי די וואָס האָבען פאראייניגט אין דער אמעריקען לייבאר יוניאָן, און סיי אזוינע וואָס זיינען דערהוייל געווען אין דער א. פ. און ל. אדער אומאפהענגיגע, וועלכע האָבען געפילט די נויטווענדיגקייט פון א נייער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאציע. און דער ארבייטער, און איבערהויפט אין דער פּראָפעסיאָנעלער פרעסע האָבען זיך אָנגעהויבען דרוקען, דיסקוסיעס וועגען דער נויטיגקייט און ראטזאמקייט פון אזא אָרגאַניזאציע און פּלענער פאר איהר אויפבויאונג. עס איז קלאָר געוואָרען, אז די צייט פאר דער באַשאַפונג פון אן אמת רעוואָלוציאָנערער אינדוסטריעלער אַרבייטער אָרגאַניזאציע איז שוין אָנגעקומען.

## 2.

אין הערבסט 1904 זיינען זעקס מענשען, פּראָמינענטע אין דער סאָציאַליסטישער און ארבייטער באוועגונג, זיך צוזאמענגעקומען כדי זיך דורכרעדען וועגען דער לאַגע און די פּראָבלעמען פון דער ארבייטער באוועגונג. די זעקס זיינען געווען וויליאם ע. טראוטמאן, רעדאַקטאָר פון דער „בראוער צייטונג", דזשאָרדזש עסטעס, פּרעזידענט פון „די יונייטעד בראָדערהוד אָוו רעיילוויי עמפּלאָאיס", וו. ל. האָל, גענעראַל סעקרעטאר פון דער זעלבער אָרגאַניזאציע, איזאַק קאָווען, דער אמעריקאנער פאָרשטעהער פון „דער אמאלגעמייטעד סאָסייטי אָוו אינזשינירס אָוו גרייט בריטען", קלאַרענס סמיט, גענעראַל סעקרעטאר

און קאסירער פון דער „אמעריקען לייבאר יוניאָן" און טהאמאס דשז. פאגערטי, רעדאקטאר פון דעם „וואָיס אוו לייבאר", דער אָפיציעלער אָרגאן פון דער אמעריקען רעיילוויי יוניאָן.

זיך דורכרעדענדיג צווישען זיך זיינען די זעקס געקומען צום שלום אַז די טרויעריגע לאַגע פון דער ארבייטער באוועגונג אין אמעריקע קען דורך די אַלטע יוניאָנס ניט פארבעסערט ווע־רען, אז פון די אַלטע יוניאָנס קען מען מעהר גאָרניט דערווארטען. און אז די צייט איז רייף פאר דער באשאַפונג פון א נייער רע־וואָלוציאָנערער אינדוסטריעלער אָרגאניזאציע. זעקס מענשען קענען פארשטעהט זיך פיל ניט אויפטאָן, זיי האבען דערפאר באשלאָסען צו רופען א גרעסערען קאָנפערענץ פון פראָמינענטע סאָציאליסטען און אָרבייטער פיהרער אויף דעם 2טען נאוועמ־בער 1905, וואו דיזעלבע פראגען זאָלען נאָך אַמאָל ארומגערעדט ווערען, און עס זאָל באשלאָסען ווערען, וואָס עס איז צו טאָן. זיי האבען זיך געווענדעט צו דרייסיג פערזאָן מיט אן אויפרוף אין וועלכען זיי דריקען אויס זייער גלויבען „אין די פעהיגקייטען פון דעם ארבייטער קלאַס, ווען ער זאָל נאָר זיין ריכטיג אָרגאַ־ניזירט אויפ'ן פאָליטישען און אינדוסטריעלען פעלד, איבערצו־נעמען דעם באזיץ און פארוואַלטונג פון די אינדוסטריען אין לאַנד". אין דעם אויפרוף ווערט אויך גלייך ארויסגעבראכט דער געדאַנק פאר וועלכען דע־ליאָן און די ס. ל. פּ. האָט יאָהרען לאַנג געקעמפט, און דאָס איז אז „דער פאָליטישער אויסדרוק פון ארבייטער קלאָס, דורך דעם סאָציאליסטישען שטים־קאס־טען, כדי ער זאָל האָבען א ממשות, מוז האָבען הינטער זיך די שטיצע פון אן עקאָנאָמישער ארגאַניזאציע, וואָס זאָל זיין גע־בויט אַלף די סטרוקטור פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאַפט, און וואָס זאָל אריינגעמען אין זיך, לפי ערך דיזעלבע גרופען און דעפּארטמענטען פון די אינדוסטריען וועלכע די ארבייטער וואָל־

טען דארפען פארוואלטען אין דער ארבייטער אדמיניסטראציע אין דער קאאפעראטיווער געזעלשאפט.*)

דער אויפרוף, פארענדיגט זיך מיט אן איינלאדונג צו א מיטינג וואס זאל אפגעהאלטען ווערען אין שיקאגא דעם 2טען יאנואר 1905, דאס זאל זיין „א געהיימע קאנפערענץ צו דיס־קוטירען די וועגען און מיטלען, צו פאראייניגען די אמעריקאנער ארבייטער אויף דעם יסוד פון אמת'ע רעוואלוציאנערע פרינ־ציפען, אומגעאכט אויף וועלכער עס איז אלגעמיינער ארביי־טער ארגאניזאציע אין דער פארגאנגענהייט אדער געגענווארט."

די אלע איינגעלאדענע צו דער קאנפערענץ מיט'ן אויסנאם פון וויקטאר בערגער און מאקס העייז, האבען די איינלאדונג אנגענומען. אין דער באשטימטער צייט איז די געהיימע קאנ־פערענץ אונטער'ן פארזיץ פון וויליאם א. טראוטמאן ערעפענט געווארען. צווישען די אנוועזענדע זיינען געווען אזוינע פראמי־נענטע ארבייטער פיהרער ווי טראוטמאן, מאיער, פרעזידענט פון דער וועסטער'ן פעדערייישאן אוו מיינערס, וו. ד. הייוואוד, פרענק באהן, מאטהער דזשאנס און אנדערע.

דריי טעג האט די קאנפערענץ אנגעהאלטען, עס איז דארט אלזייטיג דיסקוטירט געווארען די לאגע און די פראבלעמען פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג. אלע זיינען געווען איינשטימיג, אז היות ווי די אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם האט באמת אפגעשאפט דעם פאך־קאנקורענץ צווישען די קאפיטא־ליסטען, יעדענפאלס אויף וויפיל עס איז נוגע דעם קלאסען קאמף, און ווייל די מאדערנע מאשינען וועלכע פארמערען זיך פון טאג צו טאג שאפען אפ דעם אונטערשייד פון איין פאך ארבייט צו דער צווייטער, איז נויטיג אז די ארבייטער זאלען זיך ארגאניזירען אין „איין גרויסער אינדוסטריעלער יוניאן.

---

*) Brissenden, P. The I. W. W., pp. 57-58.

וואָס זאָל ארייננעמען אַלע אינדוסטריען... זי מוז זיין באזירט אויפ'ן פּרינציפּ פון קלאַסען קאַמף... און עטאַבלירט אלס די עקאָנאָמישע ארגאַניזאַציע פון ארבייטער קלאַס... ניט אָנשלי־סענדיג זיך אָן קיין פּאָליטישער פּארטיי.

די קאָנפערענץ האָט ארויסגעלאָזען אָן אויפרוף איינלאַ־דענדיג אַלע ראַדיקאַלע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס אויף אַ קאָנ־ווענשאָן וואָס זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 27טען יולי אין שיקאַגאָ, וואו די נייע אינדוסטריעלע יוניאָן זאָל געגרינדעט ווערען.

## די ערשטע קאָנווענשאָן פון די א. וו. וו.

דעם 27טען יולי 1905, אין דעם טאָג אויף וועלכען עס איז באַשטימט געוואָרען די ערעפענונג פון דער ערשטער אינ־דוסטריעלע קאָנפערענץ, זיינען זיך אין שיקאַגאָ צוזאַמענגעקו־מען 186 דעלעגאַטען, פון פיער און דרייסיג פארשיידענע שטאַ־טען, וועלכע האָבען צוזאַמען פארטראָטען ניינציג טויזענט אר־בייטער. פיל פון די אנוועזענדע האָבען קיינעם ניט פארטראָטען. די קאָנווענשאָן האָט דערפאַר גלייך ביי דער ערעפענונג באַשלאָ־סען אַז די דעלעגאַטען וואָס זיינען געקומען אלס פאָרשטעהער פון ארבייטער אָרגאַניזאַציעס וועלען האָבען שטימען פּראָפּאָרציאָ־נעל צו דעם צאָל מיטגלידער וואָס זייער אָרגאַניזאַציע פאַר־מאָגט, די איינצעלנע פּערזאָנען וואָס פאָרטרעטען קיינעם ניט אויסער זיך איז געגעבען געוואָרען צו איין שטימע.

וויליאַם ד. הייוואָוד האָט די קאָנווענשאָן ערעפענט מיט א קורצער רעדע, וועלכע איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון די גאַנצע שפּעטערע פאַרהאנדלונגען. „דאָס איז — האָט הייוואָוד געזאָגט — דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס פון דעם ארבייטער קלאַס... עס איז ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל האָבען דעם צוועק, ווי די צוליב וועלכער איהר זיינט היינט גערופען גע־וואָרען... די אַמעריקען פעדערײשאָן אוו לייבאָר וועלכע פּרע־טענדירט צו זיין די ארבייטער באַוועגונג פון דעם לאַנד איז באמת ניט קיין באַוועגונג פון דעם ארבייטער קלאַס... מען זאָגט אַז די קאָנווענשאָן וויל גרינדען אַן אָרגאַניזאַציע, אלס אָפּאָזי־ציע צו דער א. פ. אוו ל. דאָס איז א טעות, מיר זיינען זיך דאָ

צונויפגעקומען צו גרינדען אַן  אַ ר ב י י ט ע ר  אָ ר ג אַ נ י־ ז אַ צ י ע."*)

די מערסטע וואָס האָבען נאָר גענומען אַ וואָרט ביי דער קאָנווענשאַן האָבען אַטאַקירט דער א. פ. אָוו ל. „איבערהויפּט האָט זיך די קאָנווענשאַן אויסגעצייכענט" זאָגט בריסענדען דער מחבר פון דעם בעסטען בוך וועגען די אינדאַסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד „מיט איהר שנאה צו דער א. פ. אָוו ל." עס איז אָנגעצייגט געוואָרען אַז די א. פ. אָוו ל. איז צוגעפּאַסט בלויז צו די אומשטענדען וואָס האָבען עקזיסטירט אין ענגלאַנד מיט 60 יאָהר צוריק, אָבער ניט צו די אונטער וועלכע עס לעבט אָון קעמפּט דער אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט איצט. עס איז אָנגעצייגט געוואָרען אַז די א. פ. אָוו ל. באַשטעהט איצט (ד.ה. דאַן) פון 116 באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס וועלכע קעמפען צווי־שען זיך, און אַז די א. פ. אָוו ל. דיסקרימינירט אַרבייטער צו־ליב זייער ראַסע אָדער אָרימקייט, איבערהויפּט איז די א. פ. אָוו ל. אַטאַקירט געוואָרען פאַר איהר הויכע איינטריט געלט, וועלכע מאַכט אוממעגליך פאַר אַן איינפאַכען אָרימען אַרבייטער זיך אַנשליסען אַן זיין יוניאַן, דורך דעם צווינגט די א. פ. אָוו ל. פיל עהרליכע אַרבייטער צו סקעבען, „עס איז אַ פאַקט" האָט דע־ליאָן דערקלערט ביי דער קאָנווענשאַן „אַז דאָס איז ניט דער אומאָרגאַניזירטער סקעב וועלכער ברעכט אַ סטרייק, אָט די שמוציגע אַרבייט ווערט געטאָן פון די פּאַד יוניאָנס גופא." דע־ליאָן האָט אויך באַוויזען אַז די מעטאָדע פון בויערען פון אינווענינ איז אַ דורכפאַל, אין דעם איז מיט איהם אויך געווען איינשטימיג דעבס, „עס איז דאָ בלויז איין וועג" האָט דעבס דערקלערט, „זאָלען די אַרבייטער אַפּרייסען אַלע באַציהונגען מיט דער א. פ. אָוו ל."

*) P. F. Brissenden: The I. W. W.

די קאנווענשאן האט אנגעהאלטען 12 טעג, דארט איז באשלאסען געווארען, נאך לאנגע דעבאטען צו ארגאניזירען א נייע ארבייטער ארגאניזאציע, וועלכע זאל זיין ארגאניזירט ניט לויט נאך פאכען נאר לויט נאך אינדוסטריען, און וועלכע זאל זיין באזירט אויף די פרינציפען פון קלאסען קאמף. די גרונד פרינציפען פון דער נייער ארגאניזאציע, איז אויסגעדריקט געווארען אין דעם פאלגענדען פריאמבעל (פרנציפען דערקלערונג).

„דער ארבייטער קלאס און דער קלאס פון באלעבאטים האבען קיין שום געמיינשאפטליכעס צווישען זיך. עס קען צווישען זיי ניט זיין קיין שלום אזוי לאנג ווי הונגער און נויט הערשט איבער די ארבייטער מאסען, און א קליין הייפעלע באלעבאטים באנוצען זיך מיט אל־דאס גוטס פון לעבען.“

„צווישען אט די צוויי קלאסען מוז דער קאמף אנגעהן אזוי לאנג ביז וואנען די ארבייטער וועלען זיך ניט פאראייניגען אויף׳ן פאליטישען אזוי גוט ווי אינ־דוסטריעלען פעלד, און וועלען דורך דער עקאנאמישער ארגאניזאציע פון ארבייטער קלאס, ניט פאראייניגענדיג זיך מיט קיין פאליטישער פארטיי, איבערנעמען און פארהאלטען פאר זיך, דאס וואס זיי פראדוצירען.“

„די שנעלע קאנצענטראציע פון רייכטום און די צענטראליזאציע פון דער פארוואלטונג פון די אינדוסטריען אין אלץ וועניגער און וועניגער הענט, מאכט אוממעגליך פאר די פאר־יוניאנס צו קעמפען קעגען דער כסדר וואקסענדער מאכט פון די באלעבאטים, ווייל די פאך יוניאן שאפט אזא לאגע אין וועל־כער איין טייל ארבייטער אין דער זעלבער אינדוסטריע ווערט אוועקגעשטעלט קעגען א צווייטער, העלפענדיג דורך דעם די באלעבאטיםביידען צו באזיגען. אויסער דעם העלפען די פאר־יוניאנס די באלעבאטים אפצונארען די ארבייטער איינרעדענדיג

זיי אז עס זיינען דאָ געמיינשאַפטליכע אינטערעסען צווישען ארבייטער און ארבייטס־געבער.

אַט די טרויעריגע לאַגע קאָן געענדערט ווערען, און די אינטערעסען פון די ארבייטער קענען אָפּגעהיט ווערען נאָר דורך אַן אָרגאַניזאַציע וועלכע זאָל געבויט זיין אויף אַזאַ אינ־דוסטריע, אַדער ווען אַלע אינדוסטריען אויב נויטיג, זאָלען אוועק־ווארפען זייער ארבייט, ווען אַ סטרייק אַדער לאָק־אוט געהט אָן אין וועלכער עס איז איין טייל פון אַן אינדוסטריע — מאַכענדיג דערמיט, די ליידען פון איינעם פאַר די ליידען פון אַלעמען."*)

אין דעם פּריאַמבעל איז ניט שווער צו זעהן די סמנים פון דעם קאַמף וואָס איז אויף דער קאָנוועגשאָן אָנגעגאַנגען צוויד שען די פארשיידענע שטרעמונגען אין דער סאָציאַליסטישער און ארבייטער באַוועגונג. אויף דער קאָנוועגשאָן זיינען געווען פאַר־טראָטען מיטגלידער פון דער ס. פּ. פון דער ס. ל. פּ. פון דער ס. ט. ל. אַ., אַנאַרכיסטען און אינדוסטריאַליסטען. יעדער גרו־פּע האָט פארשטעהט זיך געוואָלט, און געקעמפּט דערפאַר, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך שטעלען אויף זייער שטאַנדפּונקט. אויספיהרען האָט אָבער קיין איין באַזונדערע גרופּע ניט גע־קענט, ווייל דאָס וואָלט דאָך מיינען פארטרייבען אַלע אַנדערע גרופּען, און שאַפען אַ פּארטיי קלייזעל אנשטאט אַן ארבייטער אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיך די אַנהענגער פון פּאָליטישער אַק־ציע איינגעגעבען ארייגשטעלען אין פּריאַמבעל, די נויטיגקייט פון פּאָליטישער טעטיגקייט פאַר דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַני־זאַציע, נאָר דערפאַר, ווייל ווי פארשיידען עס זאָלען ניט געווען זיין די מיינונגען פון די פארשיידענע גרופּען וואָס זיינען אויף דער קאָנוועגשאָן געווען פארטראָטען, זיינען זיי אָבער אַלע,

*) Vincent St. John: The I. W. W. Its History, Structure and Methods.

אויסער פארשטעהט זיך די אנאַרכיסטען וועלכע זיינען בכלל געווען זעהר שוואך פארטראַטען ביי דער קאַנוועגשאַן, געווען איינשטימיג אז די פאָליטישע טעטיגקייט איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר'ן קלאַסען קאמף. אנגעמענדיג אבער אין פרינ־ציפּ די נויטיגקייט פון דער פאָליטישער טעטיגקייט האבען זיי אבער נים געקענט שאַפען קיין פראָגראם פאר פראקטישע פּאָ־ליטישע ארבייט פאר דער נייער אָרגאַניזאציע. זיי האָבען נים געקענט צ.ב.ש. באַשליסען אז די נייע־געגרינדעטע אָרגאַניזאציע זאל אָנפיהרען א זעלבסט־שטענדיגע פאָליטישע טעטיגקייט, ווייל דאָס וואָלט געווען קעגען די אינטערעסען סיי פון דער ס. פּ. און סיי פון דער ס. ל. פּ. עס איז אויך אוממעגליך גע־ווען אז די נייע אָרגאַניזאציע זאל אינדאָסירען איינער פון די עקזיסטירענדע סאַציאַליסטישע פארטייען, ש ו י ן פּ ש ו ט ד ע ר פ א ר ו ו י י ל א י ן פ ע ל ד ז י י נ ע ן ג ע ו ו ע ן צ ו ו י י פּ א ר ט י י ע ן. דער רעזולטאַט איז געווען אז דער זאַץ וועגען פּאָליטישער טעטיגקייט וואָס איז אין פּריאמבעל אריינגעשטעלט געוואָרען, האָט געמוזט בלייבען בלויז אַ פּוסטע פראַזע. דאָס האָט געגעבען א מעגליכקייט די געגנער פון פּאָ־ליטישער אקציע צו באַווייזען „פאקטיש" דער מיטגלידערשאַפט דעם אומזין און אומנויטיגקייט פון פּאָליטישער אקציע.

די ערשטע קאַנוועגשאַן האָט אָנגענומען א קאָנסטיטוציע וועגען וועלכער מיר וועלען שפּעטער רעדען, און האָט באַשלאָ־סען אז דער נאָמען פון דער נייער אָרגאַניזאציע זאל זיין „דהי אינדוסטריעל וואָרקערס אוו דהי וואָרלד" אָדער אין קורצען איי דאָבליו דאָבליו. (א. וו. וו.)

## די שפאלטונג אין דער א. וו. וו.

ביים שלום פון דער ערשטער קאנוועגשאן האט זיך אויס־
געדאכט אז עס איז ענדליך געלונגען אנצונעמען אזא פלאט־
פארם און פרינציפען, וועלכע זאלען מעגליך מאכען, אמווע־
ניגסטענס אין דער א. וו. וו. א הארמאנישע צוזאמענארבייטונג
פון די פארשיידענע ריכטונגען אין דער סאציאליסטישער בא־
וועגונג. אפטימיסטען האבען אפילו געדענקט אז מיט דער
גרינדונג פון דער א. וו. וו. וועט אויך אויפהערען דער לאנג
יאהריגער ברודער קאמף צווישען דער ס. פ. און דער ס. ל. פ.
וויל נאך אלעמען איז דאך דער קאמף איבערהויפט געווען צוליב
דער טרייד יוניאן פראגע, איצט אבער ווען די א. וו. וו. האט
אין זיך אריינגענומען די אנגעזעהענסטע פיהרער פוןביידע
פארטייען, און וויל די אפטימיסטען האבען געגלויבט אז די
ס. פ. וועט אהן שום צווייפעל גלייך אינדאסירען דער א. וו. וו.,
וועלכע האט דאך באמת אנגענומען די פרינציפען, וועלכע די
ס. פ. האט יאהרען לאנג געזוכט ארויפצווינגען אויף דער א. פ.
און ל. וועט שוין אויך מסתמא קומען א פאראייניגונג צווישען
די צוויי פארטייען. אויסגעלאזען האט זיך אבער גאנץ אנ־
דערש, די ס. פ. האט ניט אינדאסירט דער א. וו. וו. מיט'ן
אויסנאם פון עטליכע געציילטע פיהרער פון דער ס. פ. ווי דעבס,
העיוואוד און אנדערע, האבען די מעהרסטע פון דער ס. פ. גע־
נומען א פיינדליכע שטעלונג צו דער א. וו. וו., פיל פון די ס. פ.
מיטגלידער, ניט וועלענדיג ווארשיינליך זיך קריגען מיט זייער
פארטיי האבען גאנץ שנעל פארלאזען דער נייער ארגאניזאציע.

אין די שפעטערדיגע יאהרען האט די ס. פּ. געפיהרט אפילו אן אפענעם און ביטערען קאמף קעגען דער א. וו. וו.

די ס. ל. פּ. פון דער צווייטער זייט, הגם זי האט אפיציעל אנערקענט און געשטיצט דער נייער ארגאניזאציע, האט זי אבער, אין איינקלאנג מיט איהר אלטער טאקטיק, געוואלט פאר־וואנדלען דער א. וו. וו. אין עפּעס א סארט ס. ל. פּ. אונטער־שטיצונגס געזעלשאפט. שוין גלייך נאך דער קאנווענשאן, האַ־בען די פיהרער פון דער ס. ל. פּ. פארגעסען אז די א. וו. וו. נעמט אין זיך אריין פארשיידענארטיגע עלעמענטען, וועלכע קע־נען זיך בשום אופן ד ע ר ו ו י י ל ניט אייניגען אויף א פעסט אויסגעארבייטער פלאטפארם. עס קען זיין אז ווען די מיטגלידער פון דער ס. פּ. און ס. ל. פּ. זאלען געווען פארבלייבען און אויסאיבען זייער השפעה אויף דער א. וו. וו. פאר א לענ־גערע צייט, וואלט זיך זיי מיט דער צייט געווען איינגעבען צו מאכען פון דער א. וו. וו. דאס וואס זיי האבען געוואלט, אנ־שטאט דעם זיינען אבער די מיטגלידער פון דער ס. פּ. באלד פון דער ארגאניזאציע אוועק, און די ס. ל. פּ. האט גלייך אין דער אר־גאניזאציע אנגעהויבען פיהרען „א הייליגע מלחמה" פאר איהרע פּרינציפּען, אין דער רעזולטאט איז געווען. ווי געוועהנליך, שפּאלטונגען.

אויף דער צווייטער קאנווענשאן פון דער א. וו. וו. וואס איז אפּגעהאלטען געווארען אין סעפּטעמבער 1900, האבען אט די רייסערייען פארנומען א זעהר א גרויסען פּלאץ און פיל צייט, עס איז מיט רעכט אנגעצייגט געווארען אז פאר דעם ערשטען יאהר פון איהר עקזיסטענץ האט די א. וו. וו. אזוי ווייניג אויפגעטאן. איבערהויפּט, א דאנק די שטערונגען וועלכע די רייסערייען צווישען די פארשיידענע פראקציעס האַ־בען באשאפען. די איינציגע ווירקליך גוטע ארבייט וועלכע די א. וו. וו. האט פאר דעם יאהר אויפגעטאן איז געווען די שטאר־

קע באַוועגונג וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן און געצוואונגען אויך אַנדערע אויפנעמען, קעגן דער קאָנספּיראַציע וואָס איז דאַן געמאַכט געוואָרן געגן מאיער, הייוואוד און פּיטעבאָן.

די ענדערונגען וועלכע די צווייטע קאָנווענשאָן האָט געמאַכט אין דער קאָנסטיטוציע און פּריאַמבעל, זיינען אין אַלגעמיין גענומען ניט קיין וויכטיגע, עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען דער אַמט פון אַ שטענדיגען פּרעזידענט און צום פּריאַמבעל זיינען צוגעשטעלט געוואָרען די ווערטער „ניט אינדאָסירענדיג, און ניט זוכענדיג צו אינדאָסירט ווערען פון אַ וועלכער עס איז פּאָליטישער פּאַרטיי.״ גרויסע ענדערונגען זיינען אבער דערפאַר געמאַכט געוואָרען און די אַלטע באַאַמטע זיינען ארויסגעפאַלען, און נייע זיינען דערוויילט געוואָרען אויף זייערע פּלעצער. די אַלטע באַאַמטע האָבען אָבער ניט געוואָלט אָנערקענען די געזעצליכקייט פון די וואַלען און ניט געוואָלט איבערגעבען זייערע עמטער צו די נייע. מיט דער הילף פון דער פּאָליציי האָבען זיי פאַרכאַפּט דעם הויפּט־אָפיס פון דער אָרגאַניזאַציע, אבער מעהר ווי דעם אָפיס פאַרכאַפּען האָבען זיי ניט געקענט. אַ קורצע צייט האָבען זיי געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי האָבען הינטער זיך די אָרגאַניזאַציע, און נאָכער זיינען זיי אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

די א. וו. וו. האָט זיך ערשט דאַן גענומען צו דער ארבייט, זי האָט אָנגעהויבען אָרגאַניזירען אָפּטיילונגען אין פאַרשיידענע שטעט, אָנפיהרען אַ סטרייק, און אויך ארויסגעבען אַ וועכענטליכע צייטונג, אָבער די גאַנצע צייט האָט דער קריג אין דער אָרגאַניזאַציע גופא ניט אויפגעהערט, ביסלאַכווייז האָבען זיך אין דער אָרגאַניזאַציע אויסגעטיילט צוויי שאַרף אָפּגעזונדערטע שטרעמונגען, איינער וועלכע האָט געהאַלטען אַז די פּאָליטישע טעטיגקייט איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, און די צווייטע וועלכע האָט געהאַלטען אַז פּאָליטיק איז „אַ שפּיל אין פראַזען״

אויף וועלכען די ארבייטער דארפען ניט ארויסוואַרפען קיין צייט. עס איז אַלץ מעהר קלאָר געוואָרען אז די צוויי פּראַקּ־ציעס קענען צוזאַמען ניט געהן, און ענדליך ביי דער פערטער קאַנווענשאַן אין 1908 איז די שפּאַלטונג פאָרגעקומען. די געג־נער פון פּאָליטישער אַקציע האָבענדיג אַ מעהרהייט אין דער אָר־גאַניזאַציע אַזוי גוט ווי אויף דער קאַנווענשאַן האָבען אינגאַנצען אומגעענדערט דעם פריהערדיגען פּריאַמבעל, און אויסגעמעקט אינגאַנצען די ווערטער „צו אָרגאַניזירען זיך אויפ'ן פּאָליטישען אַזוי גוט ווי אינדוסטריעלען פעלד". דער נייער פּריאַמבעל איז בכלל בעסער אויסגעאַרבייט און מעהר אויסגעהאַלטען ווי דער אַלטער. דער נייער פּריאַמבעל לייענט זיך ווי פאָלגט:

„דער ארבייטער קלאַס און דער קלאַס פון די באַלעבאַטים האָבען קיין שום געמיינשאַפטליכעס צווישען זיך. עס קען צווישען זיי ניט זיין קיין שלום אַזוי לאַנג ווי הונגער און נויט הערשט צווישען די מיליאָנען ארבייטער, אין דער צייט וואָס די מינדערהייט וועלכע שטעלט צוזאַמען דעם באַלעבאַטים קלאַס, באַזיצען אַלע גוטע לעבענס־מיטלען."

צווישען אָט די צוויי קלאַסען מוז אָנגעהן אַ קאַמף, ביז די ארבייטער פון דער וועלט וועלען זיך אָרגאַניזירען אַלס אַ קלאַס, און וועלען איבערנעמען דעם באַזיץ איבער דער ערד, און די פּראָדוקציאָנס ווערקצייג און אָפּשאַפען (דורך דעם) דעם לוין־סיסטעם.

מיר געפינען אַז די צענטראַליזירונג פון דער פאַרוואַלטונג פון די אינדוסטריען אין אַלץ ווייניגער און ווייניגער הענט, מאַכט אומפעהיג די טאַד־יוניאָנס צו קעמפען מיט דער כסדר וואַק־סענדער מאַכט פון די באַלעבאַטים. די טאַד יוניאָנס שאַפען דערפאַר אַזאַ צושטאַנד, וועלכער ערלויבט, אַז איין טייל ארביי־טער זאָלען קעמפען קעגען אַ צווייטען טייל פון דערזעלבער אינ־דוסטריע, און ביידע זאָלען פאַרלירען. אויסער דעם העלפען די

פאַר־יוניאָנס די באַלעבאַטים, אַפּצונאַרען די אַרבייטער, אַז זיי (ד.ה. די אַרבייטער) האָבען געמיינשאַפטליכע אינטערעסען מיט זייערע באַלעבאַטים.

אַז די קלעגליכע לאַגע קען אומגעענדערט ווערען, און די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַס קענען פאַרטיידיגט ווערען, נאָר דורך אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז אַזוי געבויט, אַז אַלע איהרע מיטגלידער, פון יעדער אינדוסטריע באַזונדער, אויב נויטיג אָדער פון אַלע אינדוסטריען, זאָלען אַוועקלעגען זייער אַרבייט אין דער צייט פון אַ סטרייק אָדער לאָק־אויט, אין אַ וועלכער עס איז אַפּטיילונג פון אַ געוויסער אינדוסטריע, מאַכענדיג דערמיט די ליידען פון איינעם פאַר די ליידען פון אַלעמען.

אנשטאַט דעם קאָנסערוואַטיווען מאָטאָ (פון די אַלטע יוני־אָנס) „אַ יושר׳דיגען טאָג־לוין פאַר אַ יושר׳דיגען טאָג אַרבייט" שרייבען מיר אויף אונזער פאָהן די רעוואָלוציאָנערע לאָ־זונג: די אָפּשאַפונג פון דער לוין־סיסטעם.

די היסטאָרישע אויפגאַבע פון דעם אַרבייטער קלאַס איז די פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם. די פּראָדוקציאָנס אַרמיי, ד.ה. די אַרבייטערשאַפט, מוז זיך אָרגאַניזירען ניט נאָר פאַר איהר טעגליכען קאַמף קעגען קאַפּיטאַל, נאָר אויך כדי פאָרטצוזעצען די פּראָדוקציע ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט שוין זיין אָפּגע־שאַפט.

„אָרגאַניזירענדיג זיך אויף דעם אינדוסטריעלען אופן, ביל־דען מיר דעם געבוי פון דער נייער געזעלשאַפט אין דעם שאָ־לעכץ פון דער אַלטער."

וואָס מען זאָל וועגען אַט דער פּרינציפּען דערקלערונג ניט זאָגען, איין זאַך מוז מען אַמוועניגסטענס צוגעבען, זי איז פריי פון ווידערשפּרוכען און זאָגט אין פּשוטע אומצוויידייטענדע ווערטער וואָס די א. וו. וו. איז. זי איז אַ רעוואָלוציאָנערע סאָ־ציאַליסטישע קלאַסען אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטרעבט אָרגאַני־

זירען די ארבייטער אויף אן אינדוסטריעלען אופן, כדי אנפיהד־רען זיין אלטעגליכען קלאסען־קאמף פאר באלדיגע פארבעסערונ־גען, און זיין קאמף פאר דער אפשאפונג פון קאפיטאליזם. אין איהר קאמף שטעלט זי זיך צופרידען מיט'ן אינדוסטריעלען קאמף אליין, הגם זי איז ניט אנטי־פאליטיש, איגנאָרירט זי אבער אינגאנצען די פאליטיש־פארלאמענטארישע טעטיגקייט. האלטענדיג איז אין קאמף קעגען קאפיטאליזם האט די פאליטישע טעטיגקייט א גאנץ קליינעם ווערט, און קען, ווי איינער פון די א. וו. וו. פיהרער האט זיך אויסגעדריקט, „ברענגען מעהר שאַ־דען ווי נוצען.“

דער אפגעשפאלטענער טייל, מערסטענס מיטגלידער און סימפאטייזער פון דער ס. ל. פ. האבען זיך ארגאניזירט באזונדער, און אריבערגעטראגען זייער הויפט אפיס פון שיקאגא קיין דע־טראיט, זיי זיינען דערפאר די גאנצע צייט געווען באקאנט אלס די דעטראיטער א. וו. וו. מיט א פאר יאהר צוריק, האבען זיי געביטען זייער נאמען, אויף „ווארקערס אינטערנייששאנאל אינ־דוסטריעל יוניאָן.“ אונטער דעם נייעם נאמען פיהרען זיי אן זייער ארבייט און פראפאגאנדע. קיין שום באַ־דייטונג אין דער ארבייטער באוועגונג האבען זיי ניט, זייער גאנצע ארבייט באשטעהט אין זידלען דער א. וו. וו. און זוכען חטאים, אויפ'ן מוסטער פון דער ס. ל. פ. אויף יעדען איינעם וואס איז ניט הונדערט פראצענט איינשטימיג מיט זיי.

# דער אידעאל פון דער א. וו. וו.

עס איז שוין אין פריהערדיגען קאפיטעל אנגעצייגט געוואָרען אז די א. וו. וו. שטעלט פאַר זיך צוויי אויפגאַבען, אנפיהרען דעם אלטעגליכען קלאסען־קאמף פאר באלדיגע פארבעסערונגען און די אפשאפונג פון קאפיטאליזם. וואס אנבעלאנגט דעם אלטעגליכען קלאסען קאמף אונטערשיידט זיך די א. וו. וו. אהן א שיעור פון די אלטע פאך־יוניאנס דורך איהר טאקטיק, דאס הייסט דורך דעם אופן ווי אזוי זי פיהרט אן דעם קאמף, און דורך די מיטלען וועלכע זי באנוצט. די באלדיגע פאדערונגען אבער וועלכע זי שטעלט ארויס זיינען אין גרונד גענומען, דיזעלבע וואס אלע אנדערע, אפילו פאך־יוניאנס פאדערען. מיר גלויבען דערקלערט איינער פון זייערע טעאָרעטיקער „אז די ארבייטער מוזען זעהן אויפהויבען זייער „סטאנדארד אוו ליווינג“ וואס העכער, אז זיי זאלען ניט צופרידען זיין צו וואהנען אין ארימע, לופטלאזע הייזער און די אומסאניטארע דיסטריקטען; זיי זאלען זיך ניט באנוגענען מיט טראגען אלטע ביליגע קליידער און שיך. אז זיי זאלען פאדערען פאר זיך די בעסטע הייזער, די בעסטע קליידער, און די בעסטע שפייזען“... מיר גלויבען און לערנען, זאגט ווייטער דער דערמאנטער טעאָרעטיקער,*) „אז די ארבייטער זאלען ניט וויליג זיין צו ארבייטען צוועלף, צעהן, אכט אדער אפילו זעקס שטונדען א טאג, אזוי לאנג ווי עס איז דא איין ארבייטסלאזער אויף דער וועלט, מיר פאדערען אז דער

*) דאבערטא ברונער: אין אן ארטיקעל אין דהי וואן ביג יוניאן מאנטלי פאר מאי, 1919.

ארבייטס־טאָג זאָל כסדר פארקירצט ווערען ביז וואנען יעדער איינער וועלכער וויל ארבייטען, זאָל האבען א געלעגענהייט דאָס צו טאָן, און די וועלכע וועלען נים ארבייטען... זאָלען דאָס זיין געצוואונגען צו טאָן."

די ווערטער זיינען דא אפשר, אין דעם מויל פון א רעוואָ־לוציאָנערען אינדאָסטריאַליסט ארויס שאַרפער, קרעפטיגער, אָבער בעצם זיינען דאָס די זעלבע ווערטער, וואָס מיר הערען פון יעדען פאָד־יוניאָן פיהרער. וואו די א. וו. וו. אונטערשיידט זיך ווירקליך פון די אַלטע יוניאָנס, איז ווי שוין געזאָגט אין איהר טאַקטיק, און איהר ענד ציל.

פאַר די אַלטע יוניאָנס איז דער אַלטעגליכער קאַמף וועלכען זיי פיהרען מיט זייערע באַלעבאַטים, די קליינע הנחות וואָס עס גיט זיך זיי איין צו קריגען פון צייט צו צייט, אין וועלכע זיי פארלירען מערסטענס נאָך איידער זיי האָבען צייט זיי אויס־נוצען, זייער הויפט ציל און זייער ענד ציל. קיין אנדער אידע־אַל האָבען זיי נים. אנדערש איז דאָס מיט דער א. וו. וו. זי האָט פאַר זיך שטענדיג איהר אידעאַל פון דער צוקונפטיגער סאָציאַ־ליסטישער געזעלשאַפט, אַלץ וואָס זי טוט איצט, באַצוועקט אי־בערהויפט צו צוגרייטען די ארבייטער פאַר זייער גרויסער מיסיע: די איינפיהרונג פון א נייער געזעלשאַפטליכער ארד־נונג, וואו אַלע מענשען זאָלען לעבען פריי, וואו קיין מענש זאָל נים קענען עקספּלואטירען דעם צווייטען. די אידעאַלען זיינען עטישע לויט זייער כאַראַקטער, זיי זיינען אידעאַלען פון גערעכ־טיגקייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט אויף דער גאַנצער וועלט... קענען די אומגערעכטיגקייטען פון קאַפּיטאַליזם און זייער באַרויבונג פון דעם ארבייטערס פּראָדוקט און לעבען האָ־בען ארבייטער אָרגאַניזאציעס אַלעמאָל געקעמפט, איצט אָבער פארשטעהען זיי, אז נאָר דורך דער אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַ־ליזם, קענען זיי דערפון פטור ווערען.

„די א. וו. וו. האָט צוגענעבען צו אָט דער פארשטענדעניש א פּראַקטישע פאָרמע. דער אידעאל פון די א. וו. וו. איז, אז דער ארבייטער קלאַס זאל זיין אזוי אָרגאניזירט, אז ער זאָל קענען איבערנעמען די גאנצע אינדוסטריע און אָפּשאַפען דעם פּרוסיאַ־ניזם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס פון דער גאנצער וועלט."

„דער אידעאל פון דער א. וו. וו. איז, די אינדוסטריע פון די ארבייטער פאר די ארבייטער, מיט איין וואָרט אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע"*).

די מערסטע טעאָרעטיקער פון דער א. וו. וו. באמיהען זיך שטענדיג קלאָר מאַכען דעם אונטערשיד צווישען זיי און די סאָ־ציאַליסטען. דער אויבען ציטירטער טעאָרעטיקער דערקלערט אין פאלגענדע ווערטער דעם אונטערשייד.

„דער אידעאל פון דער א. וו. וו. איז ניט דערזעלבער ווי פון ש ט א ט ־ ס א צ י א ל י ז ם, ד ע ר ש ט א ט ־ ס א צ י א ל י ז ם איז באזירט אויף פּאָליטישער פארטרעטער־שאַפט (ד.ה. אין צוקונפטיגען שטאַט ח. ק.) ער איז ביוראָקראַ־טיש, זיין פונקציע איז ניט צו פארוואלטען נאָר צו רעגירען... זיין טענדענץ איז צו פארברייטערן די אויטאָריטעט פון פּריוואַטען קאַפּיטאליסט אויף דער אויטאָריטעט פון שטאַט, ער מאַכט דעם שטאַט פאר'ן ארבייטס־געבער און קאַפּיטאַליסט; ער מאַכט דעם „פּאָליטישען" פאר'ן הערשער"...

די אידעאלען אָבער פון דער א. וו. וו. זיינען גאנץ אַנדערע. אנשטאַט דעם אינדוסטריעלען שטאַט וויל די א. וו. וו. עטאַבלי־רען דעם אינדוסטריעלען שטאַט, וועלכער זאל זיין באזירט אויף „א פּראָפּאָרציאָנעלער אָדער אינדוסטריעלער פארטרעטערשאַפט. זיין פונקציע איז צוזאַמענברענגען אלע פאַקטאָרען פון דער אינ־

---

*) Justus Ebert: The Ideal of the I. W. W. in "Fellow Worker," No. 1, Jan. 1920.

דוסטריע כדי צו באַפרידיגען די אינדוסטריעלע נויטען... דאָס מאַכט די ארבייטער פאר זייערע אייגענע באַלעבאַטים"...

האַבענדיג אין זינען דעם אידעאַל פון דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט וועלכען די א. וו. וו. שטעלט זיך פאָר, אַז אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע, וואו די ארבייטער פון יעדער אינדוסטריע זיינען אליין זייערע אייגענע באַלעבאַטים, דעמאָלט ווערט פאר אונז ערשט קלאָר די ווערט פון דעם פּריאַמבעל וועלכער דערקלערט אַז „אָרגאַניזירענדיג זיך אויף דעם אינדוסטריעלען אופן, בילדען מיר דעם געבוי פון דער נייער געזעלשאַפט אין דער שאָלעכץ פון דער אַלטער." אויב די צוקונפטיגע געזעלשאַפט זאָל זיין אַן אינדוסטריעלע רעפּובליק ווי די א. וו. וו. פאַרשטעהט דאָס, דאַן האָט זייער אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע א פּיל גרעסערע באַדייטונג פאר דער צוקונפט ווי פאר דער געגענוואַרט, אין דער געגענוואַרט קען די נייע פאָרמע העלפען די ארבייטער געווינען מעהר קליינע פאַרבעסערונגען; פאר דער צוקונפט אבער, איז דאָס די נייע פאָרמע פון דער געזעלשאַפט.

די א. וו. וו. זוכט אויך כסדר קלאָר מאַכען אַז דער אמעריקאַנער אינדוסטריעלער יוניאָניזם און דער אייראָפּייאישער סינדיקאַליזם זיינען צוויי באַזונדערע זאַכען. פיל שרייבער דערקלערען דער א. וו. וו. ווי פאר א סאָרט אמעריקאַנעם סינדיקאַליזם אבער דאָס איז ניט ריכטיג. האַראָלד לאָרד וואַרני וויליאַמס און אַנדערע טעאָרעטיקער האָבען שוין ניט איין מאָל געצייגט אַז דאָס איז א טעות. „דער סינדיקאַליזם איז מערסטענס דער אויסדרוק פון אָרגאַניזירטען אַנאַרכיזם, אין דער צייט וואָס די א. וו. וו. איז בעצם מאַרקסיסטיש, און קאָמוניסטיש. די ערשטע זיינען אויטאָנאָם און דעצענטראַליזירט — די צווייטע צענטראַליזירט... אין אַנדערע ווערטער די א. וו. וו. פאַרנעמט א פּאָזיציע צווישען דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַלען טרייד יוניאָניזם. פון די ערשטע

אונטערשיידט זי זיך דורך דעם וואָס זי איז נים קיין פּאָליטישע און (א דורכאוים) פּראָלעטארישע אָרגאניזאציע, פון די צווייטע — דערמיט וואָס זי איז קאָמוניסטיש און רעוואָלוציאָנער, אמ'נעהענסטען איז דער פּראָלעטארישער וועלט, איז זי צום רוסישען באָלשעוויזם."*)

*) Harold Lord Varney: Industrial Communism and I. W. W., pp. 13-14.

## די טאַקטיק פון דער א. וו. וו.

שטעהענדיג פעסט אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון קלאסען־קאמף, אנערקענענדיג אז צווישען די ארבייטער און ארבייטס געבער קען קיין מאָל קיין שלום ניט זיין, געהט די א. וו. וו. קיין מאָל ניט אריין אין קיין אָפּמאַך מיט די באַלעבאטים. אויב א סטרייק ווערט געוואונען, דורך דער א. וו. וו. מאַכט זי ניט נאָכדעם קיין קאָנטראַקט מיט'ן באַלעבאַס אויף א באַשטימטער אדער אומבאַשטימטער צייט. וואָס פאר א גרויסע שאדען די קאָנט־ראַקטען צווישען ארבייטער און באַלעבאטים האבען אין דער פארגאנגענהייט אָנגעטאָן דעם קלאסען־קאמף, איז שוין פיל מאָל אָנגעצייגט געווארען, אבער אויסער דעם וואָס די קאָנט־ראַקטען זיינען שעדליך פאר'ן קלאסען־קאמף און זיינען אימער לטובת דעם באַלעבאַס, איז דער פּרינציפּ גופא פון קאָנטראַקטען אין געגענזאַץ צום פּרינציפּ פון קלאסען־קאמף. אזוי לאַנג ווי קלאסען עקזיסטירען וועט און מוז דער קלאסען־קאמף אנגעהן, מאַכען מיט א וועלכען עס איז ארבייטס־געבער א קאָנטראַקט אויף א באַשטימטער צייט, מיינט אָפּשטעלען דעם קלאסען־קאמף אויף א באַשטימטער צייט. די א. וו. וו. דערקלערט זיך דערפאר געגען קאָנטראַקטען צווישען ארבייטער און באַלעבאַ־טים, זי פאַרלאָזט זיך נאָר אויף די פּרינציפּען פון דער איין גרויסער יוניאָן, אויף די איינינקייט און סאָלידאַריטעט פון די ארבייטער". א. וו. וו. איז פונקט אזוי אויך געגען איבערגעבען איהרע סכסוכים צו די אזוי גערופענע „אומפּארטייאישע פאַר־מיטלער". „פארבינדענדיג זיך דורך פארשיידענע קאָנטראַקטען

מיט די באַלעבאַטים, גיבען זיי (די אַלטע יוניאַנס) איבער אין זייערע הענט די יוניאַנס. דאַסזעלבע טוען זיי, — גיבען איבער אין די הענט פון אומפּאַרטייאישע פּאַרמיטלער זייערע סכסו־כים."*) דער קאַמף וואָס ווערט געפיהרט צווישען די אַרביי־טער און די באַלעבאַטים קען ניט „אויסגעגליכען ווערען" ער מוז אויסגעקעמפט ווערען. עס איז ניט קיין פראַגע פון יושר נאָר פון מאַכט.

איינער פון די אָנגעזעהענסטע פיהרער פון דער א. וו. וו. ווינסענט סט. דזשאהן דערקלערט די טאַקטיק פון דער א. וו. וו. אין די פאָלגענדע ווערטער: „זייענדיג א רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציע, ווענדט די א. וו. וו. אָן אין איהר קאַמף אַלע קאַמפּס־מעטאָדען דורך וועלכע מען קען דערגרייכען רעזולטאַטען, פּאַר־לירענדיג דערביי וואָס ווייניגער ענערגיע און צייט. דער אויס־וואַל פון דעם אָדער יענעם קאַמפּס־מיטעל איז אויסשליסליך אָפּהענגיג אָן דעם אויף וויפיל די אָרגאַניזאַציע קען אָט דעם מיטעל אַנווענדען ערפאָלגרייך. די פ ר א ג ע פ ו ן „ג ו ט א ו ן ש ל ע כ ט" ג ע ה ט א ו נ ז נ י ט א ן. קיין אָפּ־מאַך מיט די באַלעבאַטים איז פאַר אונז ניט בינדער**) אַזוי לאַנג, זאָגט סט. דזשאהן, „ווי עס עקזיסטירט די סיסטעם פון לוין־אַרבייט, קען בלויז זיין א רייד פון א צייטווייליגען וואָפען־שטילשטאַנד, ביי יעדער פּאַסענדער געלעגענהייט, ווערט דער קאַמף פאַר'ן קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע צוריק אויפגע־נומען."

דער סטרייק, די דירעקטע אַקציע, סאַבאָטאַזש און איבער־הויפּט די אָרגאַניזירונג און אויפקלערונג פון די אַרבייטער, פאַרשפּרייטען דעם רעוואָלוציאָנערען קלאַסען־באַוואוסטזיין צווי־

*) פיליפ קורינסקי: די א. וו. וו. אירע פּרינציפּען און מעטאָ־דען, ז. 43.

**) Vincent St. John: The I. W. W.

שען זיי, דאס זיינען די וויכטיגסטע קאמפס־מעטאדען פון דער א. וו. וו.

די קאמפס־מעטאדען פון די א. וו. וו. זיינען זעהר שארף קריטיקירט געווארען פון אלע זייטען, סיי פון סאציאליסטען און סיי פון רעאקציאנערען. די קאפיטאליסטישע פרעסע האט געזוכט אויסטייטשען אז דירעקטע אקציע און סאבאטאזש, מיינט קיין אנדער זאך ניט, ווי מארדען, צינדען, ווארפען באמ־בעס און א. ז. וו. דאס איז אבער ניט אמת, לויט דעם אינהאלט וואס די א. וו. וו. האט אריינגעלעגט אין אט די טערמינען מיינען גאר עפעס אנדערש. אין זיין ביכעל איבער די א. וו. וו. דעפינירט פיליפ קורינסקי די דירעקטע אקציע אין די פאלגענדע ווערטער: „דירעקטע אקציע איז דער הפוך פון דער פארלאמענ־טארישער אקציע. פארלאמענטארישע אקציע מיינט דאס פאר־לאזען זיך אויף אימיצען, ער זאל ווי עס איז דורכקומען מיט די קאפיטאליסטען און אויסבעטלען ביי זיי געוויסע רעפארמען. דירעקטע אקציע מיינט דאס פארלאזען זיך נאר אויף זיך אליין, מעהר אויף קיינעם ניט, דאס מיינט זעלבסט־ווילען, איניציא־טיוו און אומאפהענגיגקייט, די דירעקטע האנדלונג פון די אר־בייטער זעלבסט, דורך זייער איינציגער גרויסער יוניאן*) פון דער דעפיניציע איז קלאר אז די דירעקטע אקציע פון די א. וו. וו. האט גאר ניט צו טאן מיט ווארפען באמבעס און אונטערצינדען און א. ז. וו. דאס איז פשוט א מעהר דעמאק־ראטישערע פארמע פון קלאסען־קאמף. דא דריקט זיך פשוט אויס דער אומצוטרויען פון די באוואוסט־זיניגע ארבייטער, קעגען אלערליי סארטען פארמיטלער, מעג דאס זיין אן „אומפארטייאישער שתדלן“ אדער באצאלטער „פאר־

*) פ. קורינסקע: די א. וו. וו. איהרע פרינציפען און מעטאדען. ז. 48.

זאָרגער פון ארבייטער אינטערעסען",ביידע האָבען דעם ארביי־
טער כסדר אָפּגענאַרט.

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע „סאָבאָטאַזש". די קאַפּיטאַ־
ליסטישע פּרעסע האָט אזוי אָנגעשראָקען דעם אומבאַוואוסטזי־
ניגען עולם מיט דעם וואָרט סאָבאָטאַזש, אז מען מיינט אז דאָס
איז שוין דאָס ערגסטע, דערקלערען איינעם פאר „א סאָבאָטאַזש־
ניק" דערקלערען איהם פאר א פאַרברעכער פון ערגסטען סאָרט.
אין דער א. וו. ליטעראַטור איז סאַבאָטאַזש דעפינירט אלס
א קאַמפּס־פאָרמע מיט וועלכע די ארבייטער האָבען זיך באמת
אלע מאָל באַנוצט, און ניט נאָר די ארבייטער, נאָר אויך די
באַלעבאַטים. סאבאטאַזש באַשטעהט אייגענטליך אין דעם צו
אָנווענדען מיטלען געגען א באַלעבאָס, נאָכצוגעבען די פאָדע־
רונגען פון די ארבייטער אָהן א סטרייק. „עס זיינען באַקאַנט
עטליכע פאָרמען פון סאבאָטאַזש, איין פאָרמע איז ארבייטען
לאַנגזאַם און שלעכט כדי צו פארקלענערען די פּראָדוקציע און
פּראָפיטען פון קאַפּיטאַליסט. א צווייטע פאָרמע פון סאבאָ־
טאַזש איז שעדיגען דעם קאַפּיטאַליסט'ס אייגענטום: די וואָרע,
מאַטעריאַלען, מאַשינען און א. ז. וו. א דריטע פאָרמע פון סאָ־
באָטאַזש איז אויסזאָגען די קונדען וועגען דעם באַטרוג און
שווינדעל וואָס געהט אָן אין דעם קאַפּיטאַליסטס געשעפט און
א.א.וו. ניט אָנרופענדיג דעם נאָמען, האָבען ארבייטער
שטענדיג דאָס פּראַקטיצירט, און די אמעריקען פעדעריישאַן אוו
לייבאָר, וועלכע שטורמט אזוי געגען די סאבאָטאַזשניקעס באַ־
נוצט זיך אליין מיט אזוינע מיטלען אין איהר קאַמף. אז די
באַלעבאַטים באַנוצען זיך מיט סאבאטאַזש איז גאָר קיין צוויי־
פעל ניט. ניט זעלטען קומט אונז צו הערען וועגען סקאַנדאַלען
וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרען אין דער אדער יענער פירמע.
ווי שענדליך זיי באַהאַנדלען זייערע קונדען, געבענדיג שלעכטע
וואָרע פאַר גוטע געלט. באמת מיינט סאבאטאַזש „שעדיגען

דעם קאַפּיטאַליסטס פּראָפּיטען" און טאָקי דערפאַר איז אפשר דער געשריי אזוי גרויס.

אין דער פּראַקטיק, אין דעם אלטעגליכען קאַמף וואָס די א. וו. וו. פיהרט אָן, שפּילט אבער סאבאטאַזש באמת קיין ראָליע ניט, יעדענפאַלס ניט מעהר ווי אין יעדען אנדער קלאַסען־קאַמף אהן אונטערשייד פון וועמען דער קאַמף זאָל ניט אָנגעפיהרט ווע־רען.

דאָס איז אַלץ בנוגע דעם אַלטעגליכען קלאַסען־קאַמף. ווי אזוי אבער וועט די א. וו. וו. דערגרייכען איהר הויפּט ציל? ווי אזוי וועט זי אָפּשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם און איינפיהרען די אינדוסטריעלע רעפּובליק? וועגען דעם הערשט א מיינונגס פאַרשיידענהייט צווישען די פיהרער פון דער א. וו. וו. געוועהנ־ליך פטר'ט מען אָפּ אָט די פראַגע מיט א פראַזע. „ווען די אַר־בייטער וועלען זיין שטאַרק גענוג צו צווינגען די קאַפּיטאַליסטען זיי נאָכגעבען מעהר שכירות, קירצערע ארבייטס־שטונדען, בע־סערע ארבייטס־באַדינגונגען און א. וו. וועלען זיי אויך בכח זיין זאָגען צום קאַפּיטאַליסט, „הער נאָר מר. סטאָקהאָלדער, מיר ווילען מעהר ניט ארבייטען פאַר אייך, איהר האָט לאַנג גענוג געצויגען דיווידענטען פון אונזער ארבייט; מיר שלאָגען פאָר אז איצט זאָלט איהר גיהן ארבייטען". אזא פּראַזע, פאַרשטעהט זיך קען ארויסרופען אַפּלאָדיסמענטען ביי א מאַס־מיטינג, אָבער קיין ענטפער איז דאָך דאָס ניט.

אין אַלגעמיין גלויבען די מערסטע פיהרער און טעאָרע־טיקער פון דער א. וו. וו. אז אויב דער ארבייטער קלאַס זאָל נאָר גוט זיין אָרגאַניזירט אין אינדוסטריעלע יוניאָנס, און גוט באַוואוסט וועגען דער גרויסער מיסיע וואָס ער דאַרף דורכפיהר־

*) זעה הייוואוד'ס טעסטימאָני פאַר אינדאָסט. רילייישאָנס קאָ־מיטע, ז. 17.

רעז, וועט איהם ניט שווער זיין אין א שעהנעם טאָג דערקלערעז, אז מיר ווילעז מעהר ניט ארבייטעז פאר אייך. דאס מיינט אבער ניט א גענעראל סטרייק אין דעם געוויינליכעז זין פון וואָרט, די ארבייטער דארפען ניט פארלאזעז זייערע ארבייטס־פלעצער, נאר איבערנעמעז זיי און ווייטער אנגעהן מיט דער פראָדוקציע, אבער איצט שוין ניט כדי א וועלכער עס איז יחיד אדער יחידים זאָלעז קענעז מאכעז פראָפיטעז אז זיי — נאר כדי די ארבייטענדע מענשהייט זאל קענעז געניסעז די פולע פרוכט פון זייער ארבייט.

## די סטרוקטור פון דער א. װ. װ.

די ערפאהרונג האט געלערנט די ארבייטער, אדער אמוועניגסטענס דעם באוואוסטזיניגען טייל פון זיי, אז רעדען וועגען קלאסען, אננעמען רעוואלוציאנערע רעזאלוציעס, און רעדען באגייסטערט וועגען דער צוקונפטיגער געזעלשאפט האט אז און פאר זיך קיין ווערט ניט. פיל וויכטיגער ווי רעזאלוציעס און שעהנע רעדעס, איז אזוי ארגאניזירען דעם פראלעטאריאט, אז זיין ארגאניזאציע זאל זיין אויך זיין שולע. דער גרויסער חסרון פון די פאך יוניאנס באשטעהט איבערהויפט אין דעם, וואס זיי פארטונקלען דעם קלאסען באוואוסטזיין פון זייערע מיטגלידער. זייענדיג ארגאניזירט אין באזונדערע יוניאנס, אפגעריסען פון אלע אנדערע ארבייט, אפגעבענדיג זיך בלויז מיט זייערע אייגענע לאקאלע אינטערעסען, ווערט ביי די ארבייטער באשאפען א סעפעראטיסטישער באוואוסטזיין; יעדערער פאר זיך. דער רעזולטאט איז אז דער פרינציפ פון „יעדערער פאר זיך“ מיינט אימער „אלעס פאר'ן באלעבאס“. כדי דער אלטעגליכער קלאסען־קאמף זאל זיין ערפאלגרייך, און זאל קענען אנטוויקלען דעם קלאסען באוואוסטזיין פון די ארבייטער מוזען די ארבייטער ארגאניזאציעס זיין ארגאניזירט אין איינקלאנג מיט דער טעכנישער אנטוויקלונג פון דער פראדוקציע. א דאנק די פיל נייע ערפינדונגען און די אנטשטעהונגען פון גרויסע טראסטען און פראדוקציאנס־קארפאריישאנס, איז די פראדוקציע געוואלדיג קאנצענטרירט געווארען. די פראדוקציע איז אן אינדוסטריעלע. פאר'ן קאפיטאליסט איז ניטא קיין פאך — נאר אן איני־

דוסטריע. די ארבייטער מוזען זיך דערפאר אויך אָרגאַניזירען אויף דעם זעלבען אופן. אנשטאט פאך־יוניאָנס מוזען אָרגאַ־ניזירט ווערען אינדוסטריעלע יוניאָנס. די א. וו. וו. האָט דער־פאר אָנגענומען די אינדוסטריעלע פאָרמע פון אָרגאַניזאציע פאר איינעם פון איהרע הויפט עיקרים.

די סטרוקטור פון די א. וו. וו. איז פאָלגענדע:

1) די ארבייטער פון א באשטימטער אינדוסטריע ווערען אָרגאַניזירט אין איין אינדוסטריעלער יוניאָן. די אינדוסט־ריעלע יוניאָן קען איינגעטיילט ווערען אין פארשיידענע אפטיי־לונגען לויט די פאָדערונגען פון דער ארבייט. עס קען זיין אז אין איין אינדוסטריע זאָל זיך אמאָל פאָדערען מעהר ווי איין אינדוסטריעלע יוניאָן, אבער אלע ארבייטער פון איין און דעמ־זעלבען ארבייטס־פלאַץ און אויב נאָר מעגליך די אלע וואָס זיינען דירעקט אדער אומדירעקט מיט דעם באשטימטען פלאַץ פארבונדען, זיינען אָרגאַניזירט אין איין יוניאָן.

2) די אינדוסטריעלע יוניאָנס וועלכע זיינען צווישען זיך פארבונדען, א דאַנק דעם כאַראַקטער פון זייער ארבייט, ווערען פאראייניגט אין איין אינדוסטריעלען דעפּאַרטמענט. אזוי צ. ב.ש. קענען די פארשיידענע אינדוסטריעלע יוניאָנס וועלכע זיי־נען בשעפטיגט אין פּראָדוצירען עסענווארג — פאראייניגט ווע־רען אין אַן עסענווארג דעפּארטמענט און א.ז.וו.

3) די אינדוסטריעלע יוניאָנס און דעפּאַרטמענטס, זיינען צווישען זיך פאראייניגט אין איין אלגעמיינער אָרגאַניזאציע, וועלכע שטרעבט אליין צו ווערען א טייל פון אַן אינטערנאַציאָ־נאַלער אינדוסטריעלער ארבייטער אָרגאַניזאציע.

4) אויב די אינדוסטריעלע יוניאָן געפינט פאר נויטיג און צוועקמעסיג קען יעדע אָרטיגע אָרגאַניזאַציע זיך איינטיילען אין א) שפּראַך אפּטיילונגען, ב) שאפּ אפּטיילונגען, ג) פאך אפּ־טיילונגען, ד) דיסטריקטען (כדי די ארבייטער זאָלען קענען באַ־

זוכען מיטינגען ניט דארפענדיג פאהרען ווייט). פארשיידענע באזונדערע אינדוסטריעלע יוניאָנס פון איין שטאט קענען זיך ארגאניזירען אין דיסטריקט קאמיטעטען כדי אנפיהרען געמיינ־שאפטליך זייער טעטיגקייט.

די פארשיידענע באזונדערע אפטיילונגען זיינען בלויז פאר באקוועמליכקייטס וועגען, אין זייער ארבייט זיינען זיי אבער א טייל פון דער אלגעמיינער ארגאניזאציע. מיט די באלעבאַ־טים קענען די באזונדערע אפטיילונגען אונטערהאנדלען נאר דורך זייער אינדוסטריעלער יוניאן.

א מיטגליד אין דער אינדוסטריעלער יוניאן קען ווערען יעדער איינער וואס איז נאר אין דער אינדוסטריע באשעפטיגט. איבערהויפט איז אין דער פראגע וועגען אריינגעמען מיטגלידער, די א. וו. וו. אינגאנצען פארשיידען פון דער א. פ. אוו ל. די א. פ. אוו ל. איז באמת ניט קיין ארגאניזאציע פאר אלע ארביי־טער, נאר פאר א באשטימטען טייל ארבייטער. פאר די גוט באצאלטע יחסנים, פאר די געלערענטע ארבייטער, פאר דער אזוי גערופענער „אריסטאקראטיע פון ארבייט.“ די אומגעלע־רענטע ארבייטער, די עמיגרירענדע ארבייטער, פונקט די וועלכע נויטיגען זיך אמערסטענס אין ארגאניזאציע און אויפקלערונג זיינען פ א ק ט י ש פון דער א. פ. אוו ל. אויסגעשלאסען. און אפילו די וואס קענען שוין יע אריין אין דער א. פ. אוו ל. האבען אויך מערסטענס גרויסע שוועריגקייטען, און דארפען באצאלען א גרויסען איינטריט־געלט. ביי דער א. וו. וו. איז דאס פונקט פארקערט, אלץ וואס איז נאר מעגליך ווערט געטאן, אז יעדען ארבייטער זאל זיין וואס לייכטער אין דער ארגאני־זאציע אריינטרעטען, די איינטריטס־געלט זיינען אינגאנצען אומ־באדייטענד (מערסטענס איין דאלאר, דאס העכסטע איז פינף). פאר די אומגעלערנטע און עמיגרירענדע ארבייטער, וועמען עס קומט אפט אויס בייטען זייער באשעפטיגונג ווערט געגעבען די

מעגליכקייט לייכט איבערגעהן פון איין אינדוסטריעלער יוניאָן אין א צווייטער. ווען אן ארבייטער איז א מיטגליד פון א וועלכער ניט איז אינדוסטריעלער יוניאָן, מיינט דאָס ניט, ווי אין דער א. פ. אוו ל. אז ער איז צוגעבונדען צו דער באשטימטער באשעפטיגונג, מיט זיין יוניאָן קארד, קען א מיטגליד פון די א. וו. וו. ארבייטען אין וועלכער אינדוסטריע איהם קומט נאָר אוים.

די אנפיהרונג פון די לאָקאלע ארבייטען געפינט זיך אין די הענט פון דער לאָקאלער אָרגאניזאציע. זי דערוויילט איהרע באאַמטע, באשטימט זייער געהאלט, און באשטימט אויך וויפיל עס זאָל זיין דער מיטגליד־שטייער, דאָס קען אבער ניט זיין העכער ווי איין דאָלאר א חודש. די אינדוסטריעלע יוניאָנס וועלכע האָבען מעהרערע אפטיילונגען האָבען זייערע יעהרליכע קאָנווענשאָנס דאָרט ווערען פאַרהאנדעלט די אנגעלעגענהייטען פון דער גאנצער אינדוסטריע, און עס ווערען נאָמינירט באאמטע וועלכע דארפען דערוויילט ווערען דורך א רעפערענדום אפשטימונג פון אלע מיטגלידער.

יעדע אינדוסטריעלע יוניאָן האָט איהר סעקרעטאר, קאסיר און עקזעקוטיוו קאָמיטעט. יעדע אינדוסטריעלע יוניאָן קלייבט אויך אוים דעלעגאטען וועלכע שטעלען צוזאמען דעם אינדוסטריעלען דעפּארטמענט.

די אינדוסטריעלע דעפּארטמענטען האָבען זייער אייגענע צוזאמענפארען. ביי די צוזאמענפאָרען ווערען דערוויילט דעלעגאטען צו די אלגעמיינע צוזאמענפאָרען פון דער גאנצער אָרגאניזאציע. די גענעראל באאמטע פון דער אָרגאניזאציע זיינען: א גענעראל סעקרעטאר, וועלכער איז אויך דער קאסירער און א גענעראל ארגאנייזער,ביידע דארפען דערוויילט ווערען דורך א רעפערענדום אפשטימונג. די גענעראל עקזעקוטיוו באַ־

שטעהט פון איין (1) פארטרעטער פון יעדען אינדוסטריעלען דעפּארטמענט.

אַט די סטרוקטור פון דער א. וו. וו. שאפט אָפּ די מערסטע איבלען פון דעם אַלטען יוניאַניזם. די אינדוסטריעלע ארגאני־זאציאָנס פארמע, מאַכט ערפאָלגרייכער דעם ארבייטערס אַל־טעגליכען קאַמף, מאַכט מעגליך די אָרגאַניזירונג פון אלע אר־בייטער, אַהן אונטערשייד וואָס פאר א פּלאַץ זיי זאָלען נים פארנעמען אין דער אינדוסטריע — און וואָס איז וויכטיגער די אינדוסטריעלע יוניאָן, א דאנק איהר אָרגאַניזאציאָנס פאָרמע, אזוי גוט ווי דורך די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּען אויף וועלכע זי איז אויפגעבויט, ווערט דער רעוואָלוציאָנערער אוניווערזיטעט פון ארבייטער קלאַס, דאָס איז דער פּלאַץ פון וואנען די אר־בייטער ווערען געלערענט, דורך זייער אייגענער ערפאהרונג, אז זיי האָבען זיך אויף קיינעם נים צו פארלאָזען אויסער אויף זיך אליין.

## די געשיכטע פון דער א. וו. וו.

טראָץ די אַלע שוועריגקייטען וועלכע די א. וו. וו. האָט געהאַט אויסצושטעהן, די פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג פון איין זייט און פון דער אמעריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר פון דער צווייטער, טראָץ דעם קאַמפּיין פון ליגענס, בלבולים און מיסרעפּרעזענטאַציעס וואָס די פאַרקויפטע אמעריקאנער פּרעסע האָט אומאויפהערליך קעגען איהר אָנגעפיהרט, האָט די א. וו. וו. אין דער קורצער צייט פון איהר עקזיסטענץ דאָך זעהר פיל אויפגעטאָן. אין 1906 האָט זי אויסגעקעמפט אַ 8 שטונדיגען ארבייטס־טאָג פאר די האָטעל און רעסטאָראַנט ארבייטער פון גאָלדפילד, נעוואדא. אָנגעפיהרט א סטרייק אין יאָנגסטאָון אהייא, וועלכער איז פאַרלאָרען געגאַנגען בלויז א דאנק דעם וואָס די א. פ. אָוו ל. מיטגלידער האָבען פארנומען די פּלעצער פון די סטרייקערס. אין 1907 האָט זי אָנגעפיהרט א סטרייק פון טעקסטיל ארבייטער און סקאַווענגען מעיין. אין פּאָרטלאַנד ארעגאָן האָט די א. וו. וו. אָנגעפיהרט א סטרייק פון דריי טויזענט האָלץ־זעגער, א סטרייק פון ארבייטער אין ברידזשפּאָרט קאָנ. און דעם גרויסען סטרייק פון דער וועסטערן פעדערייישאָן אָוו מיינערס.

דער וויכטיגסטער קאַמף וואָס די א. וו. וו. האָט אין יענער צייט אנגעפיהרט, איז געוועזן דער קאַמף פון די שטאָל ארבייטער אין מעק—קעס—ראָק. אַכט טויזענט ארבייטער וואָס זיינען באַשטאַנען פון ארום 16 פארשיידענע נאַציאָנאַליטעטען, און זיינען געוועזן באַשעפטיגט פון דער „ברעסד סטיל קאר קאָמפּאַני“

זיינען ארויס אין סטרייק. די קאמפאני האט בשום אופן ניט דערוואַרט אַז איהרע פינסטערע אומאָרגאַניזירטע אַרבייטער זאָלען וועלען עס איז סטרייקען, ווען אבער דער סטרייק האט אויסגעבראָכען האט די קאמפאניע באשלאָסען אונטער אַלע אומ־שטענדען די סטרייקער באזיגען. דאָס איז געווען א ביטערער קאמף, וועלכער האט זיך געצויגען עלף וואָכען. די קאמפאני האט זיך באנוצט מיט דער רייטענדער פּאָליציי פון פּענסיל־וויינע, אָדער ווי די אַרבייטער רופען זיי „די אַמעריקאַנער קאָ־זאַקען" צו אַנשרעקען און צווינגען די אַרבייטער צוריק צו געהן צו דער אַרבייט, די „קאַזאַקען" האָבען זיך גענומען צו דער אַר־בייט און גלייך אין די ערשטע טעג גע'הרג'עט איין סטרייקער. די סטרייק קאָמיטע האָט דעמאָלט געלאָזען וויסען די „קאַזאַקען" אַז פאַר יעדער סטרייקער וואָס וועט ערמאָרדעט אָדער פאַר־קריפּעלט ווערען וועט „אַ קאַזאַק" באַצאָלען מיט זיין לעבען. די סטרייקערס האָבען געהאַלטען וואָרט. ווען עס איז שפּעטער פאָרגעקומען אַ געשלעג צווישען אַרבייטער און „קאַזאַקען" זיי־נען פּונקט אַזוי פיל פון די „קאַזאַקען" גע'הרג'עט געוואָרען ווי פון די סטרייקערס און דאָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דער קאַזאַצקער ברוטאַליטעט און געצוואונגען די באַלעבאַטים צו געהן אויף הנחות.

דער צווייטער גרויסער און וויכטיגער קאמף וואָס די אַ. וו. וו. האָט אַנגעפיהרט איז געווען דער סטרייק פון די טעקסטיל אַרבייטער פון לאָורענס מאַסס. אין יאַנואַר 1912. פינף און צוואַנציג טויזענט אַרבייטער, פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטע־טען זיינען אַרויס אין סטרייק. די פּאָליציי, די באַלעבאַטים, די פּרעסע, אַלע האָבען מיט אַלע מעגליכקייטען געזוכט דעם סטרייק צו צוברעכען. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט גע־שראָקען דעם עולם אַז דאָס איז ניט קיין סטרייק נאָר אַ סאָציאַ־אַלע רעוואָלוציע, אַגענטען, אונטערגעקויפטע פון די באַלעבאַ־

טים, האָבען געפּרובט „אונטערוואַרפען" דינאַמיט אין פאַר־
שיידענע פּלעצער, כדי קענען באַשולדיגען די סטרייק פיהרער
אין א קרימינעלען פאַרברעכען און זיי אוועקנעמען פון די סטריי־
קערס. די באַלעבאָטים האָבען בכלל געגלויבט, אַז אויב עס זאָל
זיך נאָר זיי איינגעבען אוועקנעמען די פיהרער וועט דער סטרייק
זיין געבראָכען. אין דעם האָבען זיי זיך ביטער אָפּגענאַרט.
קעגען די סטרייקערס איז אַרויסגערופען געוואָרען די סטייט
מיליץ, און אין א צוזאַמענשטויס איז א סטרייקערין געשאָסען
געוואָרען. די סטרייק פיהרער דזשאָסעף עטאָר און אַרטורא
דזשיאָוואַניטי און איינער א פּשוטער איטאַליענער אַרבייטער
קאַרוסאַ, זיינען אַרעסטירט געוואָרען אַלס שולדיגע אין דעם
מאָרד. מיט דעם אַרעסט פון די פיהרער האָט זיך אָבער דער
סטרייק ניט אָפּגעשטעלט. אין לאָורענס זיינען גלייך געקומען
אַנדערע פיהרער, ווי וויליאַם ד. הייוואָוד און אַנדערע, און האָ־
בען דעם סטרייק ווייטער געפיהרט ביז א זיגרייכער ענד.

דער לאָורענסער סטרייק איז געווען א סיגנאַל פאַר צענד־
ליגע אַנדערע סטרייקס, און לאָעל מאַסס., אין וואָלפּאָל, אין
ליטל־פאָלס, און פּעטערסאָן און פילע אַנדערע שטעט איז אונ־
טער דער פיהרונג פון דער א. וו. וו. אַנגעפיהרט געוואָרען גרוי־
סע און שווערע סטרייקס וועלכע זיינען אין מערסטע פאַלען
געווען ערפאָלגרייך.

אויסער די פיל סטרייקס וואָס די א. וו. וו. האָט אַנגע־
פיהרט, האָט זי אויך אסך מיה און אַרבייט געמוזט אָפּגעבען
אויף אַנפיהרען א קאַמף פאַר פרייע רעדע. איהרע „פרי ספּיטש
פייטס" האָבען איהר כמעט מעהר באַריהמט געמאַכט ווי די
סטרייקס. דער ערשטער קאַמף פאַר פרייע רעדע איז אַנגע־
פיהרט געוואָרען אין נאָוועמבער 1909 אין ספּאָקיין וואַשינג־
טאָן. די שטאָט באַאַמטע האָבען פּלוצלונג אַנגעהויבען אַרעס־
טירען א. וו. וו. רעדנער, פאַר אָפּהאַלטען גאַסען־מיטינגען. די

אַרטיגע יוניאָנס האָבען באַשלאָסען אויפנעמען א קאמף מיט דער שטאט רעגירונג פאר פרייע רעדע. דער קאמף האָט זיך געצויגען איבער א יאָהר, הונדערטער מיטגלידער פון דער א. וו. וו. ניט נאָר פון ספּאָקיין, נאָר אויך פון אנדערע שטעט וועלכע פלעגען ספּעציעל קומען אין ספּאָקיין, פלעגען טעגליך ארעסטירט ווערען, די טורמעס פלעגען שטענדיג זיין איבער־געפּאַקט, און די אויסגאבען פון דער שטאט אויף אויסצוהאלטען אזוי פיל ארעסטירטע איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. איבער 500 מענער און פרויען זיינען אין דער צייט געווען ארעסטירט ארום 200 פון זיי האָבען אָנגעפיהרט א הונגער סטרייק, פיער ארעסטירטע זיינען באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד אלס רעזולטאַט פון דער שלעכטער באַהאַנדלונג וואָס זיי האָבען אין טורמע געקריגען. ענדליך אָבער האָט די שטאט רעגירונג געמוזט נאָכ־געבען, און צוריק איינפיהרען פרייע רעדע אין ספּאָקיין.

נאָך ספּאָקיין זיינען געקומען אנדערע שטעט, און צענד־ליגע שטעט און שטעטלאך האָבען די ארבייטער געמוזט אנפיה־רען די „פרי ספּיטש פייטס" און די א. וו. וו. איז אין אַט די אַלע קאמפען געווען די אָנפיהרערין.*)

ווען אמעריקע איז אריינגעטראָטען אין קריג מיט דייטש־לאַנד און א כוואַליע פון ריעאקציע, אונטער דער מאַסקע פון פּאַטריאָטיזם האָט זיך פארשפּרייט איבער'ן לאַנד, האָבען די שונאים פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבייטער באַוועגונג געפונען זייער געלעגענהייט דער א. וו. וו. צו צוברעכען. די קאַפּיטאַ־ליסטישע צייטונגען זיינען גלייך ארוים מיט גרויסע שרייענדע קעפּלאך, אז די א. וו. וו. איז אונטערגעקויפט פון דייטשלאַנד צו שטערען אמעריקע אין דער ערפאָלגרייכער אנפיהרונג פון

*) Ande Tridon: The New Unionism and V. S. John in the I. W. W. History, etc.

קריעג, אלע טאָג פלעגט מען פארשפרייטען נייע ליגענס וועגען אנטדעקטע קאָנספיראציעס פון דער א. וו. וו. צו מאכען א רעוואלוציע אין אמעריקע, צו אויפרייסען אלע רעגירונגס־הייזער און נאָך אזוינע זאכען. די רעגירונג האָט אָנגעהויבען א געיעג אויף דער א. וו. וו. הונדערטער אומשולדיגע א. וו. וו. מיטגלידער זיינען ארעסטירט געווארען, גאנצע אפטיילונגען זיינען אויפגעלייזט געווארען, די העדקוואָדערס און אפיסעס פון דער א. וו. וו. זיינען פאָגראמירט און צושטערט געווארען, און די וויכטיגסטע פיהרער זיינען אריינגעווארפען אין דזשייל. מיט זייערע רעפרעסיעס האָט זיך דעם קאפיטאליסטישען קלאס און זיינע שטיצער באמת איינגעגעבען אָפּשוואכען דעם ווירקונג פון דער א. וו. וו. אין די איסטערן שטאטען. אין דער וועסט אבער, וואו כמעט אלע ארבייטער זיינען די אומגעלערענטע און עמיגרירענדע, פאר וועמען די א. וו. וו. איז די איינציגע אָרגאניזאציע, וועלכע איז בכח זיי פארטיידיגען קעגען זייערע אונטערדריקער איז די א. וו. וו. כסדר געוואקסען, אפילו אין דער צייט פון די שטארקסטע רעפרעסיעס.

# שלום וואַרט.

ווען אַ סאָציאַליסט דאַרף אויסקלייבען צווישען די עקזיס־טירענדע „פיור ענד סימפּעל“ יוניאָנס און די רעוואָלוציאָנערע אינדוסטריאַליסטישע, וועט ער פארשטעהט זיך אויסקלייבען די לעצטע. דאָס מיינט אבער ניט אז דער סאָציאַליסט פאַרמאַכט די אויגען אויף די חסרונות פון די לעצטע. עס איז זיכער אז די א. וו. וו. איז מעהר סימפּאַטיש פאַר אַ סאָציאַליסט, ווי די א. פ. און ל., אז דער א. וו. וו. מיט אַלע איהרע חסרונות, איז דאָך אַ קלאַסען־באוואוסטזיניגע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאציע וועמעס ענדציל איז דער סאָציאַליזם, און פּאַלגליך, שטעהט זי גאַנץ נאָהנט צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, אפילו ווען זיי פּיה־רען אַן צווישען זיך „אַן אידעען קאַמף“ בנוגע געוויסע טאַק־טישע און טעאָרעטישע פראַגען.

אָבער טאָקע ווייל די א. וו. וו. איז אונז נאָהענט, טאָרען מיר ניט פאַרמאַכען די אויגען אויף איהרע פעהלערען. מיר מוזען אָט די פעהלערען שטענדיג אָנצייגען, און דורך אונזער קריטיק ווירקען אז די פעהלערען זאָלען אָפּגעשאַפען ווערען.

דער הויפּט פעהלער פון דער א. וו. וו. איז וואָס זי האָט איננאַנצען פאַרוואָרפען דעם פּאָליטישען קאַמף און געמאַכט אַ קולט פון דער דירעקטער אקציע און סאבאטאזש. די וועלכע פּרעדיגען די דירעקטע אקציע און סאבאטאזש אַלז „איינציגען מיטעל“ וואָרפען מערסטענס אויף אונז זייערע געגנער, אז מיר זיינען באאיינפלוסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאָראַל, אז מיר האַלטען זיך אַן די בורזשואזע באַגריפען פון געזעץ און אָרדנונג

א. א. וו. דאָס איז אָבער ניט אמת. ווען מיר זיינען געגען די אויבען דערמאָנטע מעטאָדען, איז דאָס ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען אוממאָראַליש, אָדער געגען געזעץ. עס וואָלט איבער־הויפּט זיין אַן אומזין צו פאָדערען פון די ארבייטער זיך צו רעכענען אין זייער קאמף מיט וועלכע עס איז מאָראַלע באַ־גריפען, אין דער צייט ווען דער צווייטער צד, דער קאפּיטאַל לאַכט זיך פון אַט די באַגריפען אויס. יעדער ארבייטער וועלכער עס האָט אַמאָל נעסטרייקט ווייס אַז די קאפּיטאַליסטען באַנו־צען זיך אין זייער קאמף געגען די ארבייטער מיט אַזוינע מעטאָ־דען און מיטלען, פאַר וועלכע די נעמען „דירעקטע אקציע" און „סאַבאָטאַזש" זיינען צו מילד. ווען עס קומט צו באַקעמפען די ארבייטער, פאַרגעסען זיך די קאַפּיטאַליסטען אַן אַזוינע זאַ־כען ווי מאָראַל, ווי געזעץ, אָדער אפילו ווי פּשוט'ע אַנשטענ־דינקייט. ליגען, מיסרעפּרעזענטאַציע, „פריים אַפּ'ס", מערדע־ריי דורך געדונגענע מערדער. די אומגעזעצליכע אויסנוצונג פון שטאַט און פון דער פּאָליציי, — אַלץ ווערט אין קאמף געגען די ארבייטער אויסגענוצט. פאָדערען אַז די ארבייטער זאָלען דעמאָלט זיך רעכענען מיט מאָראַל, איז פּשוט ניט קלוג. ווען מיר זיינען געגען אַט די אַלע מיטלען, איז דאָס דערפאַר ווייל זיי זיינען מעהר שעדליך ווי נוצליך פאַר'ן קלאַסען קאמף. מיר ווייסען אַז אין קאמף איז מען אָפט געצוואונגען אַזוינע מיטלען אננעמען, אָבער מאַכען פון זיי אַ קולט, דערקלערען זיי פאַר די „איינציגע ווירקזאַמע" איז פאַר'ן קלאַסען קאמף פּשוט געפער־ליך.

אין דער געשיכטע פון קלאַסען קאמף ווייסען מיר פון גענוג פאַלען, ווען די קאַפּיטאַליסטען האָבען מיט אַלע כחות געזוכט צו צווינגען די ארבייטער צו באַנוצען זיך מיט גוואַלד־מיטלען אין זייערע קאמפען. מיר ווייסען אַז קאַפּיטאַליסטישע פירמעס, האָבען זיך כמעט געמאַכט ווי אַ געוואוינהייט, צו דינ־

גען פּראָוואָקאַטאָרען אין דער צייט פון א סטרייק, וועלכע זאָ־לען די ארבייטער אויפהעצען צו גוואַלד־טאַטען. פאר די קאַ־פּיטאַליסטען לוינט זיך דאָס, דאָס גיט זיי א מעגליכקייט ארויסצוטרעטען פאר דער וועלט אַלס די פאַרטיידיגער פון געזעץ און אָרדנונג, הגם זיי אליין זיינען מערסטענס די וואס ברעכען דעם געזעץ און אָרדנונג, דאָס גיט זיי א געלעגענהייט אָדער אמוועניגסטענס א תרוץ פאר באַנוצען די גאַנצע מאַכט פון שטאַט, וועלכע איז כלומר'שט פון און פאר'ן גאַנצען פאָלק, פאר זייערע קלאַסען אינטערעסען, דאָס גיט זיי א מעגליכקייט אָנצופילען די טורמעס מיט אומשולדיגע ארבייטער, און אין א צייט פון א סטרייק צו ארעסטירען די בעסטע סטרייק פיהרער.

און די נוצען וועלכע אָט די מעטאָדען ברענגען? דער אמת איז אז די נוצען זיינען נול. אויף ווי ווייט די ארבייטער זיי־נען געצוואונגען מיט אזוינע מיטלען צו קעמפען, טוען דאָס אויך די מיטגלידער פון דער א. פ. אוו ל. און אנדערע קאָנסערוואַ־טיווע יוניאָנס, ניט מאַכענדיג קיין קולט פון דעם. די א. וו. וו. איז אין פאַרלויף פון איהר קורצער געשיכטע, שוין ניט איינ־מאָל געווען געצוואונגען אין דער צייט פון סטרייקס צו ווארנען די ארבייטער קעגען די מיטלען וועלכע זי אליין פּרעדיגט אין דער פרידליכער צייט. די פיהרער פון דער א. וו. וו. ווען זיי האָבען געדאַרפט זיך פאַרטיידיגען אין געריכט, האָבען זיך פון אָט די גוואַלד־מעטאָדען אָנטזאַגט, וואָס גיכער אלזא די א. וו. וו. וועט פאַרשטעהן אז אָט דער וועג איהרער איז א פאַלשער, אַלץ נאָהענטער וועט זי קומען צו דעם טיפ פון א סאָציאַליסטישער אינדוסטריעלער יוניאָן, וועלכע וועט ווירקליך זיין א גוואַלדיגער פאַקטאָר אין דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף פאר'ן סאָציאַליזם.

„יעדער קלאַסען קאַמף איז א פּאָליטישער קאַמף" דאָס איז היינט פּונקט אזוי אמת ווי אין דער צייט ווען דער קאָמוניסטי־שער מאַניפעסט איז געשריבען געוואָרען. נאָך מעהר, אָט דער

אמת זעהט זיך נאָך פיל שטארקער אַז היינט איז זיין קאמף קעגען קאפּיטאל, קומט אוים דעם ארבייטער צו קעמפען אויך קעגען דעם קאפּיטאליסטישען שטאט און אינסטיטוציעס. דער שטאַט, דער געזעץ, די פּאָליציי, די ארמעע, אל'ץ ווערט באנוצט קעגען די ארבייטער. דער שטאַט און זיינע איינריכטונגען זיי־נען די וויכטיגסטע וואפען וועלכע דער קאפּיטאל באנוצט אין זיין קאמף קעגען ארבייט, און עס האָט ניט קיין זין פאר די אר־בייטער, ניט אויסנוצען דעם שטאט און זיינע כחות, פאר זיך אויף ווי ווייט דאס איז מעגליך אין דעם איצטיגען צושטאנד פון דער געזעלשאפט.

עס איז שוין היינט קלאָר פאר יעדען סאָציאליסט אַז דער סאָציאליזם קען ניט פאַרווירקליכט ווערען דורכ'ן פּאָליטישען קאמף אליין. עס איז אבער זיכער אַז דער פּאָליטישער קאמף קען און דאַרף פון די ארבייטער אויסגענוצט ווערען אלס איינער פון זיינע קאמפס־מיטלען. ווען די א. וו. וו. אנטזאגט זיך אינ־גאַנצען פון פּאָליטישען קאמף, וואַרפט זי פשוט אוועק איינעם פון איהרע וויכטיגע וואפען, וועלכער ווערט אויסגענוצט קעגען איהר פון איהרע שונאים.

„די וואָרקערס אינטערנעישיאָנאל אינדוסטריעל יוניאָן" ווי עס רופט זיך איצט די אָפּגעשפּאָלטענע (דע־ליאָניסטישע) טייל פון דער א. וו. וו. אנטזאגט זיך אָננעמען די דירעקטע אקציע און סאבאטאזש אלס איהר הויפּט קאמפס מיטעל, און אנער־קענט די נויטיגקייט פון דער פּאָליטישער אקציע. לויט איהר טעאָריע האָט זי אלזא געקענט דינען פאר א מוסטער פון א סאָציאליסטישער אינדוסטריעלער יוניאָן. דער אומגליק איז אָבער, וואס מעהר ווי אין טעאָריע קען זי דאס ניט זיין. אין דער פּראקטיק איז זי ניט קיין סאָציאליסטישע אינדוסטריעלע יוניאָן, נאָר א סאָציאליסטישע סעקטע. מיט איהר טאַקטיק, מיט איהר פאָדערונג פון הונדערט פּראָצענט דעליאָניזם, מיט

איהר אומטאָלעראַנץ בנוגע די וואָס טייטשען אויס אַ פּסוק פון מארקס אָדער דע־ליאָן אנדערש ווי די פיהרער, פארשליסט זי פּראַקטיש די טירען פאר דער גרויסער טייל פון דער ארבייטער־שאַפט און איז פאר'משפט אדער צום אונטערגאַנג, אדער אין בעסטען פאַל, אויף אימער צו פארבלייבען אַ קליינע אומבאַדייטענדע סעקטע פון „פרומע סאָציאַליסטען."

אין דער לעצטער צייט האָט זיך אויך אין דער „וואָרקערס אינטערנײשיאָנאַל אינדוסטריעל יוניאָן" אָנגעהויבען אַלץ אָפטער הערען שטימען, וואָס פאָדערען אז די אָרגאַניזאַציע, זאָל אויפגעבען איהר סעקטאַנטען גייסט, און עפענען די טירען פאר די ברייטע ארבייטער מאַסען. גלייכצייטיג האָט זיך אין דער א. וו. וו. אָנגעהויבען אַ באַוועגונג צו אָנערקענען דעם פּאָלי־טישען קאַמף, אַלס וויכטיגען קאַמפּס מיטעל, דאָס צייגט אז אין די עקזיסטירענדע סאָציאַליסטישע אינדוסטריעלע יוניאָנס, הויבט שוין אָן אריינקומען אַ נייער גייסט, דער גייסט פון דער סאָציאַליסטישער טאַקטיק, וועלכער איז נאָר אליין בכח, צו פארוואַנדלען די עקאָנאָמישע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס אין באַ־וואוסטזיניגע רעוואָלוציאָנערע ארמעען, וועלכע זאָל פיהרען די ארבייטער זיגרייך, צו אַ נייער שעהנערער און בעסערער וועלט.

# אינהאַלט:

זייט

## דרוק פעהלערען.

אויף זייטע 17 דארף די זעקסטע שורה זיין די ערשטע.

דער קאפיטעל וועגען דער אַ. פּ. אָף ל. דארף זיין איינגעטיילט אין 1, 2 און 3, אנשטאט ווי עס איז 1, 3 און 4.